אידיש-סאָציאַליסטישע פאָלקס-ביבליאָטעק.

אידישע קלאַסיקער.

## מענדעלע מוכר-ספרים.

(ש. י. אַבראַמאָוויטש.)

## געזאַמעלטע שריפטען
באַנד 5-טער.

# די קליאַטשע.

פרייז 3 רובל.

פ ע ר ל אַ ג:
קולטור און בילדונגס-אָבטיילונג
ביים קאָמיסאַריאַט פאַר יודישע ענינים.

פעטערבורג.
דרוקעריי „טאַגבלאַט„ איזמאַילאָווסקי פר. 18.
1918.

# הקדמת מענדעלי מוכר ספרים.

אָמר מענדעלי מוכר־ספרים, זאָגט מענדעלי מוכר־ספרים: געלויבט איז דער בורא, וואָס נאָכדעם, ווי ער האָט בעשאַפען די גאַנצע גרויסע וועלט, האָט ער זיך מישב געווען מיט דער פמליא מלאכים אין הימעל און צום לעצט געמאַכט אַ קליין וועלטעלע, דאָס מיינט מען דעם מענ־שען, וואָס ער הייסט „עולם קטן", ווייל דאָס מענשיל, ווי איהר קוקט איהם אָן, האָט אין זיך אַלע מיני ברואים און בעשעפעניש איהר גע־פינט אין איהם אַלערליי ווילדע חיות, אויך פערשיידענע מיני בהמות; איהר געפינט אין איהם אַ יאַשטשערקע, אַ פיאַווקע, אַ שפּאַנישפליג, אַ פרייס וכדומה אַזעלכע שלעק, אַזעלכע מיני שרצים; איהר געפינט אין איהם אפילו אויך אַ רוח, אַ שוואַרץ יאָהר, אַ שטן, אַ מקטרג, אַ ליץ, שונא ישראל, וכדומה אַזעלכע מזיקים, מחבלים, אָנשיקענישען; איהר זעהט אין איהם אויך וואונדערליכע מציאות: ווי אַ קאַץ, אַ שטיי־נער, שפּילט זיך מיט דער מויז; ווי אַ בהמה חאַפּט זיך אַריין אין אַ שטייג מיט עופות און דרעהט זיי נעבעך אָב די קעפּ; ווי מאַלפּעס קרימען יענעם נאָך אַלצדינג, וואָס ער טהוט; ווי אַ הונט כלופשעט, דרעהט דעם ווידעל פאַר איטליכען, וואָס וואַרפט איהם אונטער אַ שטי־קעל ברויט; ווי אַ שפּין פערנאַרט צו זיך אַ פליג, מעטפּלאָנטערט, פער־שפּאַרט זי און נאָגט זי אויס; ווי קאָמאַרען ופליעגען שטעכען נאָך און וואַשען איהם אין פעלע אָרטען וכדומה נאָך אַזעלכע משונה וואונדערליכע זאַכען. איך בין עס אָבער ניט אויסען. געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, וואָס זעהענדיג שוידערליכע אַלערליי, וואָס אין דעם דאָזיגען „קליין וועל־טעלע" נעבעך פיר און שלאָפט מיט איהם מאַכט ניט קיין כפרות; וואָס דערלעבען דערט זיין צאָרען, מעטדריאַט די עבירות און טוט גרויס חסד מיט דעם זינדיגען מענטשען. איך בין דאָ אויסען צו דערצעהלען די גרוי־סע נפלאות, וואָס השם יתברך האָט אויך מיט מיר, אָרעמען בעל עבירה, געטהאָן, נאָכדעם אַז ער האָט מיך פריהער אַביסעל געשטראָפט.

רבותי, הפערדיל שלי מת! מיין פערדיל, רבותים, איז געפּגר'ט, מיין געטריי פערדיל, וואָס כל ימיו, דאָס גאַנצע לעבען זיינס, איז עס געווען אין דער עבודה, געדינט געטריי און נישט געוואוסט מעהר ווי אונזערע ספרים; וואָס איז געווען אַ מפורסם, אַ בקי אין אַלע וועגען, אַ גרויסער בעל-זכרון, וואו ווערעס אַ קרעטשמע; וואָס איז מיט מיר אויסגעפאָהרען כמעט בכל תפוצות ישראל, צווישען די אַלע יודישע קהילות; און איז געווען אומעטום בעקאַנט-זה הפערדיל, אָט דאָס פערדיל הלך למיתה-האָט אַ מיתה משונה איינגענומען ל"ג בעומר אין גלופסק! עס איז מיר אַ וועהטאָג צוזאָגען, נאָר אָרעם איז נישט קיין שאַנד, עס איז טאַקע געפּגר'ט פאַר הונגער. זיין עסען איז געווענליך געווען אַ ביסעל סיטשקע, אַ מאָל עטליכע דאַרע שטיקלעך ברויט, וואָס איך פלעג אויסקויפען ביי אָרמעלייט מיט טאַרבעס. אוי אָך און וועה דעם פערדיל, וואָס עס פאַלט אַריין צו אַ יודישען מוכר-ספרים! שלעפען, שלעפט עס זיך שטענדיג אַרום און האָרעוועט אפשר נאָך מעהר פון יענע, וואָס פיהרען טייערע סחורה, און עסען אָבער עסט עס נעבעך מכות, אַ יודישער מוכר-ספרים האָט אַליין מכות וואָס צו עסען און פּגר'ט מיט זיין ווייב און קינדער צעהן מאָל אין טאָג פאַר הונגער! איך בין עס אָבער נישט אויסען. השם-יתברך האָט מיך נעבעך געשטראָפט, איך בין געבליבען אָהן אַ פערדיל. קויפען אַ נייעם אַנדערש האָב איך נישט געהאַט פאַר עפּיס, און דאָ בעדאַרף מען פאָהרען אויף ירידין. עס איז מיר געווען זעהר שלעכט.

און ווי איך זיץ מיר אַזוי פערטראַכט, קומט אַריין איינער, מיינער אַ בעקאַנטער, געהט-צו גלייך צו מיר און רופט זיך אָן:

—רב מענדעלי, איהר וועט קויפען אַ קליאַטשקע?

—איך וואָלט אַוודאי געקויפט, ענטפער איך מיט אַ קרעכץ, נאָר וואו נעהמט מען די קאַרן?

—עט, מאַכט ער, נישקשה! איהר וועט נישט בעדאַרפען אַצינד געבען אַ גראָשען. עס קען אפשר נאָך מעגליך זיין, מען זאָל אייך נאָך עפּיס אויסלייזען. מען ווייסט, נישקשה, אַז איהר זייט אַ ערליכער מאַן.

—אויב אַזוי, זאָג איך צו איהם, קויף איך די קליאַטשקע זעהר גערן, מאַכי באַלד אָהן שהיות. קומט, זייט מוחל, לאָמיר געהן די סחורה אָנקוקען.

—איהר פֿערשפּאָרט צוגעהן, רופֿט ער זיך אָן, איך האָב די קליאַטשע דאָ, טאַקי בײַ מיר.

—וואָס הייסט, איהר האָט זי דאָ? פֿרעג איך איהם פֿערוואונדערט.

—דאָ, טאַקי בײַ מיר אונטער דעם מאַנטעל, ענטפֿערט ער מיט אַ שמייכעלע.

—איהר לאַכט פֿון מיר רב קרוב! זאָג איך צו איהם מיט פֿאַרדראָס. געפֿינט אײַך אײַן אַנדערן, פֿון וועמען צו לאַכען. קאַטאַוועס נעהמט מיר אַצינד נישט אין קאָפּ.

—חלילה! איך טרײַב גאָרנישט קײַן קאַטאָוועס, זאָגט ער צו מיר און נעהמט באַלד טאַקי אַרויס פֿון אונטער דער פּאָלע אַ גרויסען פּאַק מיט פּאַפּירען. זעהט איהר, רב מענדעלי, דאָס אינגאַנצען געהער אײַנעם, מײַנעם אַ גוטען פֿרײַנד. זײַן נאָמען וועט איהר געפֿינען דאָ אָנגעשריבען אויף די זאַכען, וועלכע ער האָט געמאַכט. אײַנע פֿון די דאָזיגע זאַכען הייסט, פֿאַרשטעהט איהר מיך, מיט דעם נאָמען „די קליאַטשע". דער מחבר אַליין איז אַצינד, לא עליכם, עפּיס, ווי רופֿט מען עס... צומישט, נאָך צומראָגען. אונז אַלע, זײַנע גוטע פֿרײַנד, גלוסט זיך זעהר, אַז זײַנע מעשיות זאָלען כסדר אָפּגעדרוקט און פֿערקויפֿט ווערען. און וועמען אַנדערש האָבען מיר געקענט אויסקלײַבען, דערמיט זיך מתעסק צו זײַן, ווען טאַקי נישט אײַך, רב מענדעלי, וואָס איהר האָט אין אונזער ווינקעל אַזאַ שם? מיר פֿערלאַנגען פֿון אײַך, איהר זאָלט גוט איבערקוקען די פּאַפּירען, אויסשטעלען איטליכע מעשה אַקוראַט ווי מען בעדאַרף, דאַרויף פֿערלאָזען מיר זיך שוין אויף אײַך, און נאָר צום ערשטען זאָלט איהר אָפּדרוקען די קליאַטשע. פֿון בעלויטונג וועלען מיר שמועסען שפּעטער, איהר וועט, נישקשה, זיכער צופֿרידען זײַן. אויב איהר נענייטיגט זיך אַצינד אין געלד, וועלען מיר אײַך דערווײַל געבען אויף חשבון. נו, ווילט איהר, רב מענדעלי?

—אַ פֿרעגע אַביסעל, אויב איך וויל!? איך וויל מיט דעם גאַנצען לעבען, האָב איך געענטפֿערט און פּשוט געטאַנצט פֿאַר גרויס פֿרייד.

נאָכדעם אַז איך האָב מיך אָפּגעפֿאַרטיגט מיט מײַנע געשעפֿטען, האָב איך מיך גענומען געשמאַק צו דער קליאַטשע—די צוגעפּעשטשעלט ווי עס געהער צו זײַן, אײַנגעטיילט זי אין קאַפּיטלען און איטליכם קאַפּיטעל אַ נאָמען געגעבען ווי איהם פּאַסט—אַזאַ אײַן אַרבייט, וואָס נאָר

דערפאר אליין שרייבען זיך אנדערע אונטער אויף יענעמס כתבים און היטען מחברים... קורץ, איך האב מיך נישט געפוילט און געטאן מיין זאך גאנץ געטריי.

היינט רבותי, עטליכע ווערטער מכוח דער קליאטשע!

די קליאטשע איז געשריבען אויף א היכען טאג, אויף דעם טאג ווי די אלטע האבען געשריבען. איטליכער וועט זי פארשטעהען כפי זיין פארשטאנד און זיין מדרגה. פאר מענשלעך פון א קלייניער מדרגה וועט זי זיין פשוט, א וואונדערשענע מעשה, זיי וועט גלאט געפעלען דער פראסטער פשט. די דאזיגע אבער פון א גרעסערער מדרגה וועלען שוין אין איהר געפינען עפיס אוועק, א רמז אקעגען אונזערע יודישע מענשען. איך, א שטייגער, אין מיין מדרגה, האב אין איהר געפונען כמעט אלע יודישע נשמות, אלע אונזערע נפשות און דעם סוד, וואס זיי טוען דא אויף דעם עולם. איך בין ביי מיר גאנץ זיכער, בשעת לייענען וועלען א סך פון אייך, רבותים, איטליכער אין זיין גראד, זיך נישט קענען איינהאלטען, איינער וועט מיט פייער א געשריי טון: אי, דאס איז איין אנצוהערעניש א קעגען אונזער רב יוסי'ן! נאך איינער: אי, דאס מיינט מען נתן-רב חייקעס! זלמן-יעקעלע רב מאטעלעס! הערשקע-רב אבעלעס! א דריטער: אי, אי, איך האב געפונען דעם סוד פון אונזערע טאקסעס, פון אונזערע בעלי-טובות און פון אונזערע אלע פידרונגען וכדומה...

איך האב געפרעגט א שאלה ביי די גלופסקער דיינים און ביי אלע דארטיגע פיינע-בריות פון דער גוטער כנופיא: אזוי ווי איך האב דעם עולם צוגעזאגט ארויסצוגעבען א צווייטען טייל פון „דער טאקסע" און האב דערביי נישט געזאגט „בלי-נדר", פכן איז דאך מיין ווארט שוין גלייך טאקע ווי א נדר, היינט ווי איז דער דין, רבותים, האב איך זיי געפרעגט, אז איך גיב אצינד ארויס מיין קליאטשע, אויב איך קען מיט איהר יוצא זיין מיין נדר? זיי האבען געקלערט, געקלערט, זיך געבען געקראצט, געקראצט און האבען צום סוף אזוי געזאגט: יא, רב מענדעלי. אזוי ווי מיר דאכט דא דערשמעקט א ריח, א תמצית פון דער טאקסקע, זעהען מיר אייך דעריבער מתיר נדר. הקליאטשע הזו, די דאזיגע קליאטשע, חשובה לכם, איז אייך גערעכענט, כאילו קיימתם, גלייך ווי איהר וואלט געהאלטען הארט און ארויסגעגעבען החלק השני — דעם צוויי-

טען טייל מרטאַקסע בכל פּרטיו, מיט אַלע פּישטשעווקעס. נישקשה, מען קען מיט איהר ועדור גוט יוצא זיין לכל־הדעות!...

כמה מעלות טובות למקום, וויפיעל דאַנק בין איך דעם אויבער־שטען שולדיג, ווען איך וואָלט דערטאַפּט די קליאַטשע גלאַט נאָר אָהן געלד פּאַראַויס, צוקויפען מיר אַ פערדיל, איז דאָך דיינו. ווען איך וואָלט זי דערטאַפּט מיט געלט פּאַראַויס און זי וואָלט אין זיך נישט גע־האַט אַ תמצות מרטאַקסע, איז דאָך דיינו. ווען זי וואָלט אין זיך געהאַט אַ תמצית מרטאַקסע און די דיינים וואָלטען מיר נישט געווען מתיר נדר זיין, איז דאָך דיינו. ווען די דיינים וואָלטען מיר געווען מתיר נדר זיין און דערביי זיך נישט משוגע געקראַצט, איז דאָך דיינו. ווען זיי וואָלטען דערביי זיך משוגע געקראַצט און איך וואָלט נישט געוואוסט, פאַר וואָס, איז דאָך דיינו. ווען איך וואָלט געוואוסט פאַר וואָס, און וואָלט נישט פאַרשטאַנען, אַז די קליאַטשע איז, אַ פּנים, מגולגל, מען זאָל פון איהר זיך קראַצען, איז דאָך דיינו.

על אחת כמה וכמה בעדאַרף איך דעם אויבערשטען דאַנקען, וואָס איך האָב דערטאַפּט די קליאַטשע און נאָך מיט געלט פּאַראַויס צו־קויפען אַ פערדיל און זי האָט אין זיך אַ תמצית מרטאַקסע און די דיינים האָבען מיר מתיר נדר געווען און זיי האָבען דערביי זיך משוגע געקראַצט און איך ווייס פאַרוואָס און איך פאַרשטעה, אַז די קליאַ־טשע איז, אַ פּנים, מגולגל, מען זאָל פון איהר זיך קראַצען, לכפר על כל־עוונותינו, איין אָפּקומעניש אויף אונזערע זינד.

אָט דאָס, רבותים, בין איך אויסען מיט מיין קורצער הקדמה וואָס אויף דער לונג, דאָס אויף דער צונג!

ר״ח אלול, אויף דער בויד מיט ספרים, צווישען גלופּסק און סעטעריזוקע

זקנכם מענדעלע מוכר ספרים.

# דאס ערשטע קאפיטעל.

# ישראליק וויל ווערען אַ מענש.

ווי נח איז אַמאָל אין דער תבה איבערגעבליבען פון אַלע בעשע־פעניששען אויף דער וועלט, וואָס זענען דערטרונקען געוואָרען אין דעם מבול, אַזוי בין איך, ישראל בן ציפּע, איבערגעבליבען אין מיין שטעטעל, איין איינציגער בחור פון אַלע מיינע חברים, וועלכע זענען דורך דעם אָגשיקעניש פון שדכנים געוואָרען יונגע בעלי־בית'לעך פאַר דער צייט, און איינגעזונקען געוואָרען טיעף ביז דעם האַלדז אין דלות, און קבצנות נעבעך. דאָס אָגשיקעניש פון גאָט־די שדכנים, האָבען זיך אַ לאָז געטאָהן צו מיין מאַמען אויך פאַר מיר פאָרצושלאָגען אירע שדוכים. מיין מאַמע–אַ פּראָסטע, נאָר אַ קלוגע יודענע, איז געווען איין אלמנה, קיין רייכע, אָבער אָרם אויך נישט. זי האָט געהאַט פּרנסה פון איהר קליינע צעלניק, געהאַנדעלט אַ האַלדז פּוטער, געלעבט גאַנץ פיין. איך בין ביי איהר געווען אַ בן יחיד, זי האָט זיך אין מיר געשמאַלצען, מיר נאָכגעגעבען אַלצדינג, וואָס איך האָב פערלאַנגט. דעריבער, אַז איך האָב מיך איינגעשפּאַרט נישט יונג חתונה צו האָבען, האָב איך עס אויסגעפירט, תחלת האָט זי אפילו געפּרובט מיך איבערצורעדען מיט אַזאַ נאָגנ:

ישראליק! וויפיעל האָב איך גאָט געבעטען, איך זאָל דערלעבען די צייט, מען זאָל דיר רעדען שדוכים. דו ביסט דאָך מיין איין אויג אין קאָפּ, איך מיין דאָך טאַקי נאָר דיין טובה, פאָלג־זשע מיך, כ'לעבען, און האָב חתונה! שוין צייט, צייט, ישראליק. קוק דיך אָן!... אַ איד, אָהן עין הרע!... אַ בערדיל! דיינע חברים האָבען נאָך צו דער בר־מצוה חתונה געהאַט. פאָלג, כ'לעבען, אַ מאַמען, טו וואָס גאָט האָט געבאָטען און לאָמיך פון דיר נחת האָבען!

נאָר אַז זי האָט געשוויגן, אַז עס איז אַרויסגעוואָרפֿענע רייד, ווי פֿיל זי זאָל ניט רעדן, האַלט איך מיך טאַקי ביי מיינעם, אַלץ ניין און ניין, האָט זי מיר נאָכגעגעבן און שוין מער האָפֿן נישט געהערט אפֿילו קיין וואָרט. איך האָב איר אַרויסגעזאָגט גאַנץ קלאָר דעם ריינעם אמת, אַז איך בין גאָר געצוווּנגען צו לערנען אַלצדינג, וואָס מען לערנט אין די קלאַסן, אָבצוגעבן דערנאָך עקזאַמען און אַריינגיין אין אוניווערזיטעט צו לערנען דאָרט חכמת הדאָקטאָריע, כדי איך זאָל דערמיט שפּעטער ניצליך זיין זיך און דער וועלט.

מאַמע! האָב איך צו איר זיך אָנגערופֿן, עס איז היינט שוין עפּעס אַ גאַנץ אַנדער וועלט. שוין צייט, בלייבן, צוגעזען די גרויסע גלי־קן, וואָס יודן מאַכן היינט מיט זייערע פּרינצע חתונות, די גרויסע גדולה׳ס פֿון אונדזערע יונגע בעלי־הבית׳לעך! אַמאָל האָבן עלטערן חתונה געמאַכט זייערע קינדער מיט דעם פּסוק: גאָט האָט אונדז צו געשיקט צום לעבן, מסתמא וועט ער זיי אויך עפּעס צושיקן און זיי וועלן, נישקשה, נישט שטאַרבן פֿאַר הונגער. און יענער צייט איז בטחון נאָך ווי עס איז אָנגעגאַנגען, אָבער היינט וועט מען דערמיט פֿאַרשוואַרצט, שווער, זעהר שווער צו לעבן היינטיגע צייט פֿון די קינד קינדער און מאַכן פֿון שנעע גאָמעלקעס, איטליכער מענטש דאַרף ביי צייטנס זען און מיט אַלע מעגליכקייטן, אַז אַלע זיינע גרויסע פֿאַרפֿערבישן זאָלן איהם פֿאַרזיכערט זיין, תמיד, אויף זיין גאַנצן לעבן און בפֿרט נאָך מיר אידען, וואָס מיר וואוינען אַזוי אין דער קלעם, געשטופּט, געדריקט פֿון אַלע זייטן, איז נישטאָ פֿאַר אונדז קיין אַנדער וועג אַרויסצודרייען זיך ווי עס איז פֿון די צרות, סיידען טאַקי נאָר דורך אויסלערנען זיך איינע פֿון די חכמות, ווי, אַ שטייגער הכמות־הדאָקטאָריע, למשל, אָדער אפֿשר איינע פֿון די אַנדערע מלאכות. אויב איך אַליין וועל אַרבעטן אין די יונגע יאָרן נישט זאָרגן פֿאַר מיין תכלית, וואָס קען חלילה זיין דער סוף פֿון מיר? וואָס סוף טאַקי ווי פֿון אַ סך יונגע לייט אין אונדזער אָרט, וואָס האָבן, דוכט זיך, גליקליך חתונה געהאַט און אַריינגעפֿאַלן אין אַ שמאַלץ־גרוב. די שמאַלץ איז דער־נאָך אויסגערונען און די גרוב איז געבליבן. אַ טייל האָבן זיך צושלעפּט, אַ טייל זענען געוואָרן מלמדים, און אַ טייל, מ׳שטייט געזאָגט, טויגן דערצו אפֿילו אויך נישט. וועל איך אָבער ווערן אַ דאָקטאָר, וועט

זיך שפּעטען פאַר מיר אַ וועלט. איך וועל ווערען אַ מענש און האָבען פּרינג מיין שטיקעל ברויט, און ברידה, די מאַמע האָט מיר שוין נאָכגעגעבען אי דאָס אויך, אַז איך זאָל לערנען, נאָר פריהער האָב איך אָדער געמוזט צוזאָגען, אַז איך זאָל בלייבען אַן ערדליכער איד.

געהאַט האָב איך אַ שאַרף קעפּעל, קיין זאַך אין דער גמרא איז פאַר מיר נישט געווען צו שווער, מען פלעגט שמועסען אין דער שטאָדט, אַז פון מיר וואַקסט אַ גרויסער רב. איך האָב מוחל געווען אַנדערע דאָס רבנות, זיך פערשפּאַרט ביי מיר אין שטיבעל און זיך גענומען לערנען טאָג און נאַכט געשמאַק אַלערליי זאַכען, וואָס זיינען נייטיג צום עקזאַמען. מאַטעמאַטיקע, דאָס הייסט חשבון, אויך פיזיקע, גראַמאַטיקע, און די שפּראַכען זיינען ביי מיר געגאַנגען גרינג ווי אַ פּוטער, שווער איז מיר נאָר אָנגעקומען די היסטאָריע, אויך דאָס, וואָס מען רופט עס אין זייער לשון „סלאָוועסנאָסט”. אויסווייניג האָב איך בעדאַרפט אַליין אויסקלערען פּוסטע מעשיות און מלחמות, ווי אַזוי מענשען האָבען, פון זינט די וועלט שטעהט ביז אַצינד, זיך געהרג'עט, געשלאָגען, איינער דעם אַנדערען געמאַכט דעם טויט, אָנגעטאָן צרות, געבראָטענע לייד, און נאָך געטרונקען, און וואָס פאַר אַ יאָהר, און וואָס פאַר איין אָרט! דאָס ודומה נאָך אַלערלעי זאַכען האָבען געהייסען היסטאָריע... דערצו האָב איך ווייטער געמוזט אויסלערנען עפּיס ווילדע בייקעס, מעשיות מיט שרעקליכע גבורים, מיט שטאַרקע שכורים, מיט בעריהמטע גזלנים: מעשיות מיט גלגולים, מיט מכשפים און מכשפה'טעס: מעשיות פון דעם לעבעדיגען און טויטען וואַסער, פון גאָלדענע עפּעלעך און זילבערנע פערדלעך.

חוץ דעם האָב איך נאָך בעדאַרפט קענען אַוועקפּלוידערן אַזוי ווי אַ פּאַפּוגאַי, אַבער יעגעמס עפּיס אַ שטיקעל מליצה מיט גוט לשון, אַריינלעגען הויכע קוויטשלעך, אָבשניצלעך און פשט'לעך אַלערלעי, וואָס נישט איך, נישט דער שרייבער פון זיי אַליין, נישט יענער, וועלכער עס האָט מיט מיר געלערנט, האָבען זיי פערשטאַנען, מען האָט בעדאַרפט דערביי שטאַרק פערפלאַמט זיין, אַרויסגעהן פון די כלים, שרייען אויף אַ קול, מאַכען מיט די הענט און מיט די פיס און רעדען מיט אַ ברען, עפּיס ווי כהורי תורה, קבלה־ווערטער, מען האָט געמאַכט פון [illegible] גוזמאַ'ע, ועדר פיעל הקדמות, ווי אַזוי מען זאָל די זאַך [illegible]

פאַרדרייען, מרחיק מן השכל זיין און מען זאָל עס נאָר עפּעס אַנדערש, נישט גלאַט אַזוי פאַרטײַטשן. יענע אַלע פּיזמונות, שמאַכטעלייען, מיט די אַלע פּשטלעך וואָס האָבן געהייסן „כל־אָרעמבאַנט"... האָט אײַך וואָס אויך ווילט, אין די עלטערע יאָרן איז יעדע, יעדער שווער איינציקלעפּטען און צו טראָגן אויף דעם מוח אַזעלכע מיני זאַכענישן. בפרט נאָך דעם, וואָס האָט אַ נישטן קאָפּ און גרויס לוסט צו לערנען עפּיס ניצליכערע זאַכן. איך זאָג אײַך נאָך אַמאָל טאַקן, מיר זענען די ראָהיגע מעשיות זענען שווער אָנגעקומען. דאָס בעשטענדיגע קלעַ־פּן האָט מיר פּשוט דעם קאָפּ פאַרשלאָגן, עס האָט בײַ מיר צוגענו־מען אינטערעצן דאָס נשמה, לייב און לעבן און מיך געמאַכט צום גולם. איך פלעג רעדן פּשוט אַמאָל ווערן פאַרדולט און אַרומגעהן צומישט ווי אַ געכטונגער. עס האָט מיר געווישט אין דעם קאָפּ, זיך געדרייט אַ ווינטמיהל, נאָר טאַקע פאַרריקט צו ווערן. צייטענווייז האָב איך גאָר אָנגעהויבן מסופק צו ווערן, אויב עס וועט מיר גערעָא. מען דער פלאַן מיינער אַרויסצוגעהן אין אוניווערזיטעט. אַ קשיה, וואָס עס קען זיך מאַכן? נראה וועל איך בײַ דעם עקזאַמען נישט געדענ־קען עפּיס אַ נאַרישע מעשה, אָדער איך וועל מיך אויסגלייטשן אויף עפּעס אַ פּזמון, דעמסטמאָל וועל איך מיט אַמאָל צעברעכן דעם קאָפּ —און איין עק פון מיין גאַנצער מיה, פון מיין לערנען און פון מיין דאָקטאָריע, וואָס איך האָב זיך אַזוי געוואָלט דערגרייכן: דעמסטמאָל חערט אַ תל פון אַלע מיינע האָפנונגען און פון מיר אַליין! וואָס וועל איך מאָן און וואָס פאַר אַ פּנים וועל איך האָבן? איך וועל פלייבן אַ דערשלאָגענער יודעל. איך וועל פאַרשוואַרצט ווערן און אויסשטעהן אין דער וועלט פון איטליכן, גלייך מיט אַלע אַנדערע יודלעך, תרפות, בזיונות, איך וועל בלייבן אַ לופט־מענש, אַ קראַנקער אָהן שמאָה, דאָס הייסט: איך וועל פּזהלען אין מיר אַ כח עפּיס צו טאָן, נאָר איך וועל אָבער נישט האָבן די מעגליכקייט, דעם כח אַרויסצוברענגען, צו וואָס אדם אַנצוווענדען און מיט אדם ניצליך צו זיין, ווי אַ סך אַזעלכע, נעבעך, וואָס געפינען זיך צווישען אונזערע יודען... איך וועל בלייבן אַ יוד און נישט קיין מענש... איך וועל בלייבן אַ רעטעניש: עפּיס אַ פּאַטש, וואָס קעהרט אויס, רייניגט אויס און בעפּאַלט זיך אַליין גאַנץ מיסט, ערגיץ אין אַ ווינקעל; עפּיס אַ פּאַטש, וואָס הודעט זיך

אַרוּם דאָ און איז פאָרט נישט דאָ אויף דעם עולם; וואָס איז פליישׁ און בלוט און זי דאַכט זיך פאָרט אימליכען אויס, עפּיס איז זי גאָר־נישט!... איינס פון די דריי פּאַנעם ווייס איך—דאָס איז אַ בעזעם און די איבעריגע צוויי... נאָר וואָס מאַכט עס אויס? יאָ וויסען—נישט וויסען. וואָס איך וועל זיין, וועל איך זיין, נור קיין מענש אָבער וועל איך ניט זיין.

דאָס בעשטענדיגע פערשפּאַרען זיך, דאָס לערנען און חזר'ן, און צוגלייך דאָס בעשטענדיגע איבערטראַכטען, טאָמער חלילה וועט זיין אומזיסט די גאַנצע מיה, דאָס אַלצדינג איבאַיינעם האָט מיך פּשוט אויס מענש געמאַכט. איך בין געוואָרען מאָגער, דאַר ווי אַ שפּענדעל, שוואַך אָבגעשלאַפט און שטאַרק נערוועז, דערצו נאָך שטענדיג פערזאָרגט, פער'מרה'שחורה'ט, אַזוי אַז מען האָט מיך כמעט ניט דערקענט. צייטענווייז פלעג איך זיין עפּיס ווי פערדולט און צוטראָגען, מיין בענעהמען זיך און די אויפפיהרונג מיינע עפּיס זעהר משונה ביים אָנקומען אויף מיר די מרה־שחורה פלעג איך פערשילטען די אַלע מכשפות מיט דער באָבע, „יאַגאַ די ארורה און קאַשטשיי דעם מכשף איבאַיינעם. צו אַלדי שוואַרץ יאָהר זיי אַלע! איז מיר בעסער געוואָרען, האָב איך מיר איבערגעבעטען מיט זיי. ווידער די באָבע „יאַגאַ, ווידער קאַשטשיי און דאָס גאַנצע פעקעל" זייער גלייכען. די מאַמע פלעגט וויינען אויף מיר קוקענדיג און האָט אָנגעהויבען אַראָפּבריינגען צו מיר דאָקטוירים און רופאים. זיי האָבען געגעבען מיר פלעשלעך, געגאָסען אין מיר רפואות, אויך שטאַרק אָנגעזאָגט, אַז זומער זאָל איך למען־השם ולמען־השם געהן אַ סך שפּאַצירען, אָטהעמען פרישע לופט אונטער דער שטאָדט און וועניגער טראַכטען.

אַך, ווען דאָקטוירים זאָלען בעסער פאַרשטעהן און מיך בעפרייען פון יענע שמאָכטעלייען, וואָס האָבען מיך קראַנק געמאַכט און מיר פערשלאָגען דעם קאָפּ!

מסכּים געהאַלטען, נאָר עפּיס ווי אַ מין אַנדערער מין בעשעפּעניש. אַלצדינג אַרום מיר: די ערד, דער הימעל, ביימער און גראָז וועגען אויך ווי ערשט מ'האָט אַזוי צערויסעט־קראַכען. זיי שפּרינגען, שאָקלען זיך, הוידען זיך, נישט אײַנשטעהענדיג אויף איין אָרט, און הופּקען, ווינקען צו מיר, גלײַך ווי משוגעים: קומט הוצקען זיך. האַפּען אַ טענצעל, פעטער! — צוויי גרילען שפּרינגען טאַנצענדיג אַרויס פון צווישען דעם גראָז מיר אַקעגען, קוקען מיך אָן מיט נאַרישע גרויסע אויגען, מאַכענדיג דערבײַ מיט די פּיסקלעך, און אַטאַקע קריכען זיי, האָפּט זיך, אַרײַן אין מיר. און פּלוצלינג טאָקי אַ שפּרונג, איינס, צוויי־אוי, דער [illegible]!... דער קאָפּ!...

איך טוה אַ מאַך מיט דער האַנד, אויסדרעהענדיג דעם קאָפּ אין איין אַנדער זײַט, און ליגענדיג מיר אַזוי האָב איך אומעטום געקוקט, אַלצדינג בעטראַכט, צביסעל אויך געטראַכט און זיך פערטראַכט.

אויף דעם מאָל, ווען איך, פּיטשען זיך פאַנטאַסטע צאַפּעס, אײַזעלען, נאַטשע טאַבונעס פערד, נישט פערגעסענדיג פון דער אַרבייט, נאָר פערד אײַדעלעך מיט אַ יחוס־בריעף, אַז זיי שטאַמען אַרויס פון אײַדעלע עלי־טערינען. איינעמס זיידע איז איין ענגלישער אַבער, וואָס האָט פאַרצײַ־טענס, האָרכענדערעט דורך דעם לאַנד כנען, חתונה געהאַט מיט איין אַראַבישע שקאַפּע, דעם אַנדערענס מאַמע וואַקסט פון אַ בעריהמטער משפּחה, וואָס האָט אין לעבען מענגע פּאָלוער געשמעקט, און יענעמס עלטער־מאַמע האָט געבאַסטען אַ גאַנצע ערציהונג, אַ עדוקאַציע, ערגיץ אין אַ בעריהמטען זאַוואָד, איז געוועזען אַ מלומדת און האָט אין איהר צײַט געגעבען קאָנצערטע און טאַנצען און שפּרינגען אויסאײַנעם מיט נאָך אַ סך געבילדעטע, געלערנטע פערד. דען איהר מוזט וויסען, אַז בײַ פערד שפּילט יחוס אַ גרויסע ראָליע, בײַ זיי קוקט מען שטאַרק אויף אײַדעל בלוט, און די וואָס פון אַ גוטען זאַוואָד הייסען אײַדעל אָדער וואָהלגעבוירענע. די האַרטיגע אײַדעלע פערד האָבען זיך געפּיטערט בראַנק און פרײַ, זענען אויך געגאַנגען אין שאָרען, קאַליע געמאַכט די תבואה, וועלכע אָרעמע פּויערען האָבען געוויגעט מיט שווייס געזעגט, און מען האָט זיך נישט וויסענדיג געמאַכט, ווי נישט געזאָגט קיין אומ־תרבות־וואָרט. די פערד האָבען געשפּרונגען, געהוידעט, געדריגעט מיט די פיס. זייער כח, זייער שטאַרקייט און זייער ווילדקייט איז געווען שלא כדרך הטבע!

און ווי איך ליעג מיר דאָ אַזוי שטאַרק אויפֿגעבראַכט, הער איך פֿונדערווייטענס אַ שרעקליך געשריי, אַ רעש פֿון מענשען און בילען פֿון הינט. איך האָב תהלת געמיינט, דאָס האָבען די פּויערען זיך צונויפֿגענומען און לויפֿען מיט אַ געשריי, אַרויסצוטרייבען די פּאַנסקע צאַפּעס, די פֿערד פֿון זייערע תבואות; נאָר אָבער ניין. די קולות האָבען זיך אַלץ דערווייטערט און זיך פֿערטראָגען נאָר אין איין אַנדערע זייט. שטעה איך מיר אויף, געה אויף ציקאַוועשטש נאָכ'ן קול, ביז איך קום צו אַ גאַנץ גרויסען פּלאַץ פֿערוואַקסען מיט גראָז. און דאָרט שטעלט זיך פֿאַר פֿאַר מיינע אויגען אַ שרעקליכע סצענע. יונגלעך קונדסים, יאָגען פֿון אַלע זייטען נאָך עפּעס אַ דאַרער אַ מאָגערער קליאַטשע, וואַרפֿען אויף איהר שטיינער, רייצען אָן אויף איהר גאַנצע טשאַטעס הינט פֿון אַלערליי מינים. אַ טייל הינט טוען ניט מעהר ווי בילען, קריצען מיט די ציינער, אַ טייל פֿאַלען אָן און בייסען ווי נאָר זיי קענען. איך האָב נישט געקענט שטעהן און צוזעהען שווייגענדיג אַזאַ מעשה רע פֿונדערווייטענס. איינמאָל איז דאָך גלאַט אַ רחמנות, די מענשליכקייט דערלאָזט נישט צוצוזעהען אַזאַ אכזריות. און צווייטענס, אויסגענומען שוין רחמנות, האָט דאָך די שקאַפּע אויף מיר מאַכט אַ גרויס רעכט געהאַט, איך זאָל איהר העלפֿען, מחמת איך בין איינגעקויפֿט אין דער חברה „צער בעלי חיים”, וואָס איהר איז נישט ניחא, מען זאָל פּייניגען, אָנטאָן לייד לעבעדיגע בעשעפֿעניש, וואָרום זיי זענען אויך בשר ודם, פֿלייש און בלוט, און האָבען אויך דאָס רעכט צו לעבען אויף גאָטס וועלט ווי מיר. איך וויל מיך דאָ נישט אַריינלאָזען אין דעם אַלטען און יעדער טיפֿען שמועס מכח דעם מענשען און די בהמות. לאָז זיך זיין תאַמיש ווי יענע זאָגען, אַז איך, מענש, בין דער תכלית, דער צימעס, דער אַנטיק פֿון אַלע בעשעפֿעניש; נאָר צוליעב מיר, תכשיט, צוליעב מיין בעדערפֿניש און מיין פֿערגעניגען לעבען זיי אַלע אויף דער וועלט; לאָז זיך זיין תאַמיש, אַז איך, תכשיט, בין דער מלך, דער אויבערהאַר איבער אַלע בהמות, וואָס מהען מיר דינען, וואָס מהען נעהמען אין יאָך און מקריב זיין פֿאַר מיר זייער לעבען—פֿונדעסטוועגען, דאַכט זיך מיר, ווי באַלד אפֿילו די קליאַטשע, אַזאַ פּראָסטע פֿאָדאַנגע, האָט אויף מיר עפּיס אַ רעכט, מוז איך על פּי דין, ווי נישט על פּי מענשליכקייט, אַקעגען איהר יוצא זיין...

— קונדסים! זאָג איך, צושטעהענדיג צו די שוואַרצע חברה, וואָס האָט איהר, איך בעט אייך, צו דער שקאַפע, נעבעך?

א טייל פון די קונדסים האָבען מיך גאָרנישט געהערט, אַנדערע האָבען יאָ עפּיס ווי געהערט און געלאַכט מיט עזות. א טייל הינט האָבען מיך עפּיס פערוואונדערט אָנגעקוקט, עטליכע האָבען געבילט פון דער־ווייטענס, נאָך עטליכע האָבען אויסגעשטשירעט די אויגען, געקוקט שרעקליך בייז, זענען געווען גרייט אָנצופאַלען אויף מיר פון הינטען און צערייסען מיך אויף שטיקער.

— קונדסים! רוף איך מיך נאָך אַמאָל אָן, וואָס האָט איהר אין פיינט נאָטום בעשעפּניש, די קליאַטשע, נעבעך?

— א שענער נעבעך! האָבען זיי מיט געשפּעט געענטפערט, פאַר וואָס פּיטערט זי זיך דאָ? פאַר וואָס פּיטערט זיך די שענע קליאַטשע דאָ?

— סטייטש! טהו איך א זאָג, דאָ איז דאָך אַ פּאַשע, דאָ פּיטערען זיך דאָך אַלע שטאָדט־בהמות פון אייביגע יאָהרען!

— די שטאָדט־בהמות — האָבען זיי געענטפערט — זענען עפּיס אַנדערש, זיי מעגען און זי טאָר נישט.

— פאַר וואָס נישט זי? — רוף איך מיך אָן — זי האָט דען נישט קיין נשמה ווי אַלע שטאָדט־בהמות?

— אפשר טאַקי נישט! — האָבען זיי א זאָג געטאָן.

— שקצים! — זאָג איך צו זיי, — אָבער זי האָט דאָך זיכער א בעל־הבית, וואָס צאָהלט אין דער שטאָדט צינש און אַלע אַנדערע אָפּגאַבען. זי איז דאָך אויך אַ שטאָדט־בהמה!

— אָט דאָס טאַקי ווייסען מיר נישט! — ענטפערען זיי מיט א גע־שפּעט, — אויב זי איז אויך אַ שטאָדט־בהמה, דאָס איז ערשט אַ שאלה.

— עס מעג זיין, ווי עס וויל זיך, האָב איך געזאָגט, אָבער די קליאַטשע איז דאָך דערווייל הונגעריג, זי וויל דאָך, נעבעך, עסען!

— לאָז זי עסען ווערים, קרענק, מכות, — זאָגען זיי צוריק, — וואָס האָט זי צו אונז? פאַר וואָס זאָל אַזעלכע אויפעסען און צונעהמען ביי די שטאָדט־בהמות?

— גזלנים! — האָב איך שוין מעהר נישט געקענט מיך איינהאַלטען און א געשריי געטאָן מיט כעס, — פאַר וואָס קוקט איהר נישט, וואָס

דאָרט געהען אַרום פּאַנסקע צאַפּעס, מאַמע טאַטעס פֿאַר צווישן די תבואות און פרעסן אויף אָרים בלוט, אָרים שווייס, טעגלעך? דאָ פּאַס־ניט אָדער נישט אַ ביטערער שקאַפּע אַ הילכן גראָז און עס אַרט אײַך כּלל נישט. צו דאָרט מעג פֿאַר אַן אַ ים החוקות און מאַכן אומגליק־ליך פֿיל מענטשן. דאָס גאָר אַליין, וואָס ווי צעטרעטן, וואָס ווי מאַ־כען קאַליע גלאַט אַזוי, וואָלט געגנב נשותן דער קליאַטשע בײַ קינדס־קינדס־קינדס־קינדער! קינדסים, אָדער האָט נישט קיין יושר אפילו אויף אַ האָר, אָדער ווייס קיינעם נישט מעטריי, נאָר זיך אַליין, און אָדער האָט נאָך די הגדה זיך צעוויסצווישטעלען כּלומר'שט פֿאַר די שמאַרט־בהמות!

—הע, הע!—האָבן די קונדסים זיך אָנגערופֿן,—ער איז נאָר אין כּעס, ער פֿרעגט, נאַ' עפּעס קשיות! קומט, חברה! וואָס טוט אונדז דאָ די טענות? לאָז ער זיך שרײַען, וואָס הערט אַדם? קומט, חברה, קומט!

אײן קונדס האָט אַ פֿײַף געטאָן און באַלד האָבן די שוואַרצע חברה, מיט ווײַטערע הינט זיך געלאָזט נאָך דער קליאַטשע און זענען אויף אָדער ווידער אַבגעזאָלען, אַ לאַנגע צײַט האָט מען זי געטריבן, געיאַ־סען און געפּײַניקט, ביז מען האָט זי צום סוף פֿאַרטריבן אין אַ טיפֿען גרוב.

# דאס דריטע קאפיטעל.

# „ברוך משנה הבריות".

---

דער אָווענד איז געווען זעהר אַ שעהנער, אַ שטילער, דער הימעל לויטער אויסגעשטערענט און גאַנץ נידעריג. וואו ער לאָזט זיך אַראָב איז אַזוי ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסען די לבנה רויט ווי בלוט. די שטאָדט־משוגע׳נע האָט שוין לאַנג אָבגעגעסען די צעמבעס, איהר געוועהנליכע וועטשערע, און געשלאָפען רוהיג אויף איהר געלעגער, אין די שטאַלען, נאָכדעם אַז מען האָט זי פריהער גוט ווי דער שטייגער איז, אויסגעגאָלקען. איך האָב בעקומען אַ ביסעל פרישע היי, אָבגעטראָגען עס דער אומגליקליכער שקאַפע אין גרוב אַריין, אַזוי ווי איין ערדליכער מאַן פון דער חברה „צער בעלי חיים" בעדאַרף צו טאָן, די קליאַטשע, נעבעך, איז געלעגען שטאַרק מיד אין דער בלאָטע, ווען זי זאָל נישט געווען מאַכען מיט די זייטען און סאָפען, וואָלט מען זיכער געמיינט, דאָ ליגט אַ נבלה, אַזוי דאַר, אַזוי מאָגער איז זי געווען, נאָר הויט און ביין.

— שאַק, שאַק, שאַק! — האָב איך געזאָגט אויף פערדיש, צוגעהענט דיך צו דער קליאַטשע, איהר אַ גלעט געגעבען דעם האַלדז און אַנ־דערטעלעגט דאָס ביסעל היי.

די קליאַטשע הייבט אויף דעם קאָפּ, שטעלט אויף מיר אויס אַ פּאָר אויגען, און קוקט מיך פערוואונדערט אָן. סטייטש, אַזאַ מענש ווי איך זאָל אָנטאָן כבוד אַ ווילדער קליאַטשע און איהר ביי דער נאַכט מאַכען אַ וויזיט אין דער בלאָטע!

— שאַק, שאַק, שאַק! — מאַך איך איהר אויף פערדיש, דאָס הייסט גוט'ן אָבענד קליאַטשעלע!... שאַק, שאַק! נאַ דיר וועטשערע, נאַ היי אויב דיר איז נאָך איבערגעבליבען אַ צאָהן אין מויל. שאַק, שאַק! כ'לעבען, אַ טאָמים רחמנות, נעבעך, אויף דיר! שאַק, שאַק! — מאַך איך

אַ גלעפּטעכעטערטע די פּאָר גרױס רחמנות און רוק אַהער אונטער דאָס בּאַמשל די נײַ װאָרט אונטער דער נאָז.

– ברוך הבא! – לאָזט זיך הערן פּלוצלים עפּעס אַ פֿרעמדן קול.

איך בין גוט נעשראָקן, הערנדיק דעם ברוך הבא. פֿון װאַנען, װאונדער איך מיך, האָט עפּעס פּלוצלים זיך גענומען? װער זאָל עס רעדן? אַז נעבן מיר און װײַט אַרום און אַרום איז נישטאָ אפֿילו קײן זכר פֿון אַ מענטשן!

– שרעק זיך נישט, יונגער מאַן! – לאָזט דאָס קול זיך װידער הערן. – שרעק זיך נישט. איך, קליאַטשע, רעד צו דיר.

– קליאַטשע! – טו איך אַ געשרײַ נישט מיט מײַן קול און אַ הײסער שטראָם לױפֿט מיר דורך מײַנע אָדערן איבער מײַנע גלידער, צו־קאָכענדיק מיר שטאַרק דאָס בלוט. איך פֿיל עפּעס װי אַ גריל גרילצט מיר אין קאָפּ. דאָס איז, אַ פּנים, די נעמע קליאַטשע, טראַכט איך מיר, און באַלד האָב איך מיך שטאַרק דערמאָנט, אַז הײַנט איז מיטװאָך בײַ דער נאַכט, די רעכטע צײַט פֿאַר די לצים.

– טראַכט נאָר נישט איבער – לאָזט זיך װײַטער הערן דאָס קול – פּשוט איז פּשוט, איך, קליאַטשע, רעד צו דיר.

– פּשיטשעש! װי רעדט עס אַ קליאַטשע?! – מאַך איך שטאַרק פֿערװאונדערט.

– דאָס איז נאָך נישט אַזאַ װאונדער, ענטפֿערט זי, אַזעלכע מעשיות האָבן זיך שױן געטראָפֿן, און די באַשריבענע היסטאָריעס געפֿינט מען אַ סך רעדן און דרשות, װאָס פֿערד האָבן געהאַלטן פֿון בלעם'ס אײזל און ביז אַצינד.

– יאָ, אפֿשר איז טאַקי אַזױ, זאָג איך אַהער קראַצנדיק זיך אַ װײַלע, און דערמאָן מיך אין יענע מעשיות, װאָס איך האָב געלערנט צו דעם עקזאַמען. יאָ, טאַקי גאַנץ ריכטיק, פֿערד בעלי דברן'ס װײס איך, אָבער אַ קליאַטשע?

– װאָס מאַכט עס אױס? אַ אַ קליאַטשע, אדרבה, זײַן עס טרעפֿט זיך שױן, רעדט מאַכן געװײנטלעך נאָר אַ קליאַטשעלע. בלעם'ס אײזל איז אױך געװען אַ קליאַטשע נאָך פֿערשטענדלעכער װי דורך, מיט דיר רעדט נישט קײן קליאַטשע.

– וואָס הייסט עס?! – פֿריִער איז קליאַטשע, דערנאָך נישט קליאַטשע! – מאַך איך פֿערוואונדערט, איינבילדענדיק זיך די זאַך בעססער צו באַטראַכטן – נישט אַנדערש דו ביסט...

– אַ ליגן, וואָלסטו דו זאָגן, – פֿאַלט זי מיר אַריין אין דער רעדע, – ניין, ניין, מיין פֿריינד, דו האָסט אַ טעות. איך בין נישט קיין ליגן, זאָג איך דיר, אויך נישט קיין קליאַטשע. מיין פּנים, מיין געשטאַלט איז ווי אַ קליאַטשעס, אָבער באמת בין איך גאָר עפּעס אַנדערש. ווען דו וואָלסט וויסן, וואָס מיט מיר און דער וועלט האָט זיך פּאַסירט, וואָלסט דו מיך פֿערשטאַנען און אויפֿגעהערט זיך צו חאַוזערן.

און באַלד מאַכט געגעבן אַ קוק אויף מיר מיט אַ פּאָר אויגן, וועלכע עס דריקן אויס ליידן, מידקייט אין איינעם מיט אַ געבעט און גוטסקייט אָהן אַן עק. עפּעס מאַכט נאָר אויגן פֿון אַ שלאָפֿן, אומגליקליכן, אומזיסט באַליידיגטן, געקרענקטן מענשען, וואָס קוקט אויף איטליכן שווייגענדיק שטיל, און איטליכער קוק זיינער דערציילט זיינע אינווייניגסטע וועהטאָגן; איטליכער בליק רעדט, שרייט געוואַלד, בעט רחמים און רייסט אויס אַ שטיק האַרץ. איך קוק און קוק – וואָס קליאַטשע, ווען קליאַטשע! פֿאַר מיר איז עפּעס גאָר ווי אַ מענשליך פּנים. ווי, וואָס, פֿון וואַנען פּלוצלים אַ מענש, עפּעס אַזאַ פֿערזעהעניש?!... און ווי איך קוק אָן פֿערגאַפֿט דעם מין באַשעפֿעניש, שטרעקט עס אויס פֿון אונטען דאָרט זיך אַ האַנט, און אָנגעדענקענדיק זי פֿון איידעלקייט וועגן, פֿיהל איך! ערשט איך האַלט נאָר אַ קאַפּיטע,

„ברוך משנה הבריות" – כאַפּט זיך מיר אַרויס נישט ווילענדיג פֿון מויל די געוויסע ברכה. און דערביי מאַכט קומט מיר אַ געוויש צו די אויערן, עפּעס ווי אַ ביטערער געשריי, ווי אַ מאַמע באַוויינט איהר קינד, און ווי אַ חאַפּעניש, אַ טומלעניש פֿון משרתים ביי אַ קראַנקען. דאַכט זיך: אַ ציהעניש, אַ וואָרפֿעניש, אַ גיסעניש אויף מיר קאַלט וואַסער. קאַלט. עס ציטערן מיר די גלידער – איך טוליע מיך איין צורוקענדיג זיך צו דער קליאַטשע און צו וואַרעמען זיך געבען איהר.

– שוין לאַנג ביסטו דו עפּעס אַזוי משונה?

– אָ, לאַנג ווי דער גלות! – ענטפֿערט זי מיר מיט אַ זיפֿץ.

– ווי אַזוי איז עס דיר געשעהן? – זאָג איך צורוקענדיג זיך נאָך מעהר צו איהר. דאָס מין באַשעפֿעניש שטעלט אויס אויף מיר

אַ פּאָר אױגען, אָנקוקענדיק מיך װי אַ פֿערטיקטען. דערנאָך האָט ער אָנגענומען אײן ערנסט פּנים און אָנגעהױבען טרױעריק צו רעדען מיט די װערטער:

„דער װאָס האָט האָטש אַביסעל אַרײַנגעקוקט אין ספרים, אָדער געהערט פֿון עלטערע דערצײלען, דער האָט דאָך װײסט, אַז מענשען האָלען אָנגענומען די געשטאַלט פֿון אַלערלײ חיות און בהמות, שקצים ורמשים, נאָך בײַם לעבען, אָדער אין זײ מגולגל צו װערען נאָך דעם טױט — דאָס איז אײנס פֿון די געװעהנליכע זאַכען. פֿאַרצײַטענס האָבען אַזעלכע זאַכען װעדער אָפּט זיך געטראָפֿען, און עס טרעפֿט זיך נאָך אַמאָל אפילו אין אונזער צײַט אױך. גרױסע געלערנטע, דערהױבענע אױך נײַסגליכע, בעשטעטיגען אַזױנס מיט'ן מױל און מיט דער פֿעדער. מיר געפֿינען אין די היסטאָריע-ביכער, אַז סעמיראַמידע, די קעניגין פֿון בבל, האָט אױף דער עלטער אָנגענומען די געשטאַלט פֿון אַ טױב. דניאל האָט בנבואה געזעהן די פֿיער קיסריות אין די געשטאַלטען פֿון לײבען, לעמפּערטען, בערען, און ער דערצעהלט, װי נבוכדנצר מלך בבל איז לסוף ימיו געװאָרען אַ בער. װער שמועסט בײַ די גריעכען — זענען אַזעלכע געשעהן װעדער געװעהנליך. זײער גאָט צעאוס, װאָס ער איז געװען, מחילה, שטאַרק געהאַפּט אין דער מעשה, האָט אַמאָל זיך פֿאַרשטעלט פֿאַר אײן אָקס. די בת-מלכה יאָה, דעם קעניג אינאַכוס'ס אַ טאָכטער, האָט ער פֿאַרשטעלט אין אַ קוה, און אַזױ, אין דער גע-שטאַלט פֿון אַ קוה, האָט זי זיך, נעבעך, אַרומגעשלעפּט אַ לאַנגע צײַט אין דער װעלט. און זײער לאַנד האָבען זיך אױך געפֿינען מיני בע-שעפֿעניש, האַלב בהמה און האַלב מענש, װאָס האָבען געהײסען צענ-טאַורען. אײן צענטאַװער, מיט דעם נאָמען חירון, האַלב פֿערד און האַלב מענש, מיט באָרד און באָות און אױף דעם קאָפּ אַ ספּאָדיק, איז געװעזען דעם פּרינץ טעזײאוס מלמד. עס פֿאַר-שטעהט זיך, װאָס פֿאַר אַ פֿאָלק, אַזאַ מלמד: זענען מענשען װילד, איז בײַ זײ אױך אַ װילדער מלמד... און װיפֿיעל אַלטע װײַבער און יונג-פֿרױען אָהן אַ צאָהל האָבען געלערנטע אין אײראָפּא און נאָטסבאַרכ-טיגע לײַט געזעהן װי פֿערשטעלענדיג זיך אין געשטאַלטען פֿון הרעטש, חזאַקאַנעס, און פֿון אַנדערע גיפֿטיגע שרצים, אױך רײַטענדיג אױף לאָפּעטעס, אױף בעזימער און דער לופֿטען. און די זאַך איז דערנאָך

באַוואונדערטע מקוואָרען באותות ומופתים. פֿאַר די טאַשענשפּילער, פֿאַר די גוואַלדיגע קונצן־מאַכער און פֿאַר די וואָס קענען פֿאַרבלענדזן יענעם די אויגען איז דאָס אַביסעל אַ לעבען געווען דענסטמאָל! זיי האָבען געפֿירט אַ וועלט אין אָנגעטאָן מעשיות, וואָס אַ שרעק צו הערען! אַ סך מענשען, אַ סך פּרינצען און פּרינצעסינס זענען דורך זיי געוואָרען ווילדע בהמות נעבעך... ליעזט אין די ביכלעך, אין די גע־שריבענע מעשיות פֿון אויטליכס פֿאָלק, וועט איהר זעהן, אַז ניט איין פּרינץ, ניט איין מלך איז דורך זיי איבערגעקערט געוואָרען אין אַ צאָפּ, אין אַ פֿערד, אָדער אין איין אָקס וכדומה און אַזעלכע מיני בהמות; ניט איין פּרינצעסין, ניט איין בת־מלכה איז דורך זיי גע־וואָרען אַ קוה, אַ קעלבעל, אַ ציג, נעבעך; ניט איין פּריץ, ניט איין גראַף איז דורך זיי געוואָרען אַ הונט, אַ וואָלף, אַ בער, וואָס האָט גע־ריסען, געוואָרגען מענשען, געזויגען זייער בלוט, און ביי זיי אַרויסגע־נומען דעם מאַרך פֿון די ביינער. יאָ, גאַנצע דערפֿער, גאַנצע שטעדט זענען, נעבעך, דורך זיי איבערגעקערט געוואָרען אין טשערעדעס שאָף און האָבען געליטען זעהר פֿיעל צרות, שרעקליכע יסורים און ענויים קשים... אַט וואָס איז דער וועלט דאָס פּאַסירט, אַט וואָס דער כח פֿון פֿאַרבלענדוועניש, פֿון כישוף און פֿון פֿאַרטען־זיך מיט רוחות האָט אָנגעמאַכט!

בידנע אונגליקליכע מענשען!

די דאָזיגע ווערטער זענען געגאַנגען פֿערדומפּען עפּיס ווי פֿון אַ פּוסטער פֿאַס. און עס האָט עפּיס אויסגעזעהן ניט ווי אַ לשון מיט די לעפּצען, ניט די קליאַטשע רעדט עס, נאָר אַ רוח רעדט אויס איהר, וואָס האָט אויפֿגעריהרט דעם מת, געגרייזט, געזומט, ווי עס וואָלט זיך אויף איהם געטאָסען פֿון אַ ריגע אַ שטאַרקער שטראָם קאַלטע וואַסער. די קליאַטשע קוקט מיך אָן און עס לאָזט זיך ווייטער הערען דאָס גע־שפּרעך פֿון איהר.

—אין יענער צייט איז אַמאָל געווען אַ פּרינץ, אַ בן מלך, ועדר אַ שיינער, אַ קלוגער, אַ פֿראַכטפֿולער מיט אַלע מעלות, נאָר איין אַנ־טיק. דער דאָזיגער בן מלך האָט אין דער יוגענד ביזוואַנדערקייט, געמאַכט רייזען, בכדי צו דערקענען די וועלט. און אומעטום וואוהין ער איז גע־קומען, האָט מיט איהם די וועלט געקוועלט. איין קעניג פֿון מצרים,

דעם בעריהמטען לאַנד פון ציגיינער און פון מאַשטעגשפּילער, איז שטאַרק און כעס געוואָרען אויף דעם דאָזיגען פּרינץ, וואָס איז געקומען צו איהם צו גאַסט. פאַר גרויס שרעק, דער פּרינץ זאָל שפּעטער מיט איהם זיך נישט אָפּרעכנען און אַרויסטרייבען איהם פון זיין אייגענעם לאַנד, האָט ער פאַרבעטען צו זיך זיינע גרויסע כשוף-מאַכער און צו זיי אַזוי געזאָגט הבה נתחכמה לו! דאָס טייטש: לאָמיר, ברידער, צו דעם פּרינץ זיך קלוגען און איהם אָנטאָן עפּיס אויף טערקיש. די מכשפים האָבען מיט זייער כשוף פאַרשטעלט דעם פּרינץ אין אַ קליאַטשע, און מיט איהר, נעבעך, געאַרבייט עבודת-פרך!

די קליאַטשע, נעבעך, פלעגט פיהרען ציגעל און לעהם גאַנצע בערג און דערמיט אויפגעמויערט פיתום מיט רעמסס. זעהר פיעל יאָהרען האָבען די ציגיינער זי געפּייניגט, איהר פערמאַטערט דאָס לעבען, ביז גאָט האָט אויף איהר זיך דערבאַרעמט. עס איז געקומען אַ גרויסער, אַ בעריהמטער מענש, אַ בעל שם, וואָס האָט חוזק געמאַכט פון אַלע ציגיינער מיט זייער כשוף און גרעסערע קונצען פון זייערע בעוויזען מיט דעם הייליגען „שם המפורש”. ער האָט געזאָגט אַ שפּרוך, איז פון דער קליאַטשע ווידער אַ פּרינץ געוואָרען! כל-זמן יענער גרויסער בעל שם און זיינע וואונדערליכע תלמידים, וואָס נאָך איהם, האָבען געלעבט, האָט דער פּרינץ אַ פּנים געהאַט ווי אַ מענש, און געלעבט אין עושר, אין כבוד, ביי זיך אין לאַנד. נאָכדעם אָבער, אַז זיי אַלע זענען אויס-געשטאָרבען, האָבען שונאים דעם פּרינץ ווידער פערוואָרפען אין אַ קליאַטשע, און אין דער געשטאַלט טרייבט מען איהם, נעבעך, אַרום שוין אַ טומאַ יאָהרען פון איין אָרט צום אַנדערן. דעם אומגליקליכען פּרינץ פּאַסט טאַקי גאַנץ גלייך דער נאָמען: „די אייביגע קליאַטשע”. אייביג שלעפּט זיך די קליאַטשע אַרום און נעהמט אויס, וואו די וועלט האָט אַן עק. ווער עס האָט גאָט אין האַרצען, זעצט זיך אויף איהר רייטענדיג; ווער אין גאָט גלויבט, גיט איהר אַ קלאַפּ, אַ זעץ; איט-ליכער לעגט אויף איהר אַנדערער זיין פּעקיל, זיין קלימעק, אייביג געהט זי אין יאָך, שלעפּט, שלעפּט, נעבעך, ציגעל און לעהם מיט פיעל מיה, מיט בלוט און מיט שווייס, וואָס דערפון האָט מען שוין אויסגעבויט גאַנצע שטעדט!”..

אין יענער צייט, אַז דער קאָפּ מיינער איז פול געווען מיט וואונ-

רעדליכע מעשיות פון מכשפים און צויבערער; אין יונגער צייט, וואָס
הויז מעשה-ביכלעך, ווי א שטיינער, „טויזענט און איין נאכט", „צענ-
טורי-ע-ווענטוריע", „בבא מעשה" וכדומה, וועלכע איך האָב געשמאַק
געלייענט אין דער יוגענד, האָב איך נאָר אויף דאָס ניי ווי די האַלעש-
קעס איינגעשלונגען נאָך אַנדערע מיני מעשיות; אין יונגער צייט, אז
מיין הארץ איז געווען הייס, מיין בלוט אָקראָפּ און מיין כח-הדמיון פלאַמ-
פייער, אז מיינע געפילן זענען געווען פולווער, זיך אָנגעטרונקען און
אויסגעשאָסען פון א מיסטישן רייב, מיינע אויגן קוואַלען, ווארמבע-
דער, אומליכער, וואָס האָט עפּיס געליטען, האָט אין זיי מאָל זיך גע-
פונען ווארעמע, הייסע טרערען, — אָט אין יונגער צייט האָט מיך די
מעשה מיט דעם אומגליקליכען פּרינץ שטאַרק גערירט. איך בין גע-
וואָרען גאָר צוקאָכט.

— זאָג מיר, איך בעט דיך! האָב איך זיך אָנגערופען. זאָג מיר,
וואו איז ער איצט? וואו געפינט זיך אצינד דער שלים-מזל'דיגער, דער
אומגליקליכער פּרינץ?

— דער פּרינץ, דער שלים-מזל'דיגער פּרינץ ליגט איצט פאַר דיר
אין דער געשטאַלט, מיט דעם פּנים פון א קליאַטשע!

איך האָב געציטערט, געוויינט און אָבגעוואַשען מיט הייסע בלוטיגע
טרערען מיין וויסטע, אומגליקליכע קליאַטשע.

## דאָס פערטע קאַפּיטעל.

# ישראליק טענה'ט זיך אויס מיט דער קלאַטשע.

אַז איך בין אַביסעל צו זיך געקומען און אויסגעריבען דעם קאָפּ, זעה איך — די לבנה שיינט און קוקט אַראָב מיט איהרע זילבערנע שטראַהלען אין גרוב אַריין און די קליאַטשע מיינע קייעט היי נאָען רו־היג, קאַלטבלוטיג, אָהן אַ פּיצעל זאָרג, פּונקט נאָר אַזוי ווי אַנדערע אמתע קליאַטשעס, און אין מיין האַרץ האָבען געקאָכט פאַרשיידענע געפיה־לען. באַלד האָב איך געפיהלט, ווי דאָס לעבען עקעלט זיך מיר פּשוט פאַר גרויס רחמנות אויף דער זיסטער, אומגליקליכער קליאַטשע, און באַלד ווידער האָב איך געדאַכט אויף איהר מעדראַס, — סטוישעש, די אַזוי ליגט די און דער פּלאַטצע אַזוי רוהיג, קאַלטבלוטיג, גלייך ווי די פיהלט ניכט, פאַרשטעהט ניכט איהר ביטערע לאַגע! ווי אַזוי שטעלט זיך איהר דאָס מזל צו קיינען היי נאָך אַזאַ שרעקליכער סצענע און נאָך אַזעלכע קלעפּ, וואָס די האָט ערשט היינט געהאַפּט! איך האָב אָנגעהויבען ביי מיר צוטראַכטען, אַז די גאַנצע מעשה איז ניכט אַ חלום; אויב איך האָב ניכט געשלאָפען נאָר מיט אַ פאַסטוכער שלאָפע, וואָס דאַרף איך זיך ניכט אפילו קיין אָרטער פון אַ פּרינץ; וואָס דאַרף ניכט קיין שום געפיהל פון כבוד, פון דאַנקער, און אַזוי, משטיינס-געראָנט, ניכט אומשטאַנד צו פיהלען אַנדערע אייגענע צרות, די גרויסע הרפות און בזיונות, וואָרום ווען די וואָלט נאָר האָבען האָבט אַ פּיצעל געפיהל, האָטש אַ פּיצעל פער־שטאַנד, וואָלט די בשום-אופן ניכט געקענט ליגען אַזוי איהר אָרט אַזוי רוהיג. עס האָט און איהר בעראַבט קאָכען דאָס בלוט ווי און אַ קעס־סעל; עס האָט און איהר בעראַבט זיך בעוועגען אומליבינג געדר, אויב ליבער אַרשע; די האָט בעדאַרפט טראַכטען, און זיין זאָרגען, אַז עס איז ניכט גוט צו בלייבען אין דער וועלט די אייביגע קליאַטשע, ניכט גוט צו זיין פון אַ ליאַדיגען קינדער, פון אַ ליאַדיגע חבֿרה, און בעפּ־

דאַרפֿט זיך שטופּקען אין דער לענג און אין דער ברייט, צו מאַן אַלע מיטעל, ווידער צו בעקומען אַ פּנים פֿון אַ מענשען. איך האָב מיך מעשוגע פּשוט פֿאַר זיך אַליין. נישט אַנדערש איך בין משוגע! וואָס האָב איך געטאָן? פֿאַר וועמען האָב איך ערשט אַזוי געהאָפּצט, געשוויצט? פֿאַר וועמען האָב איך פֿאַרגאָסען בלוטיגע טרערען? פֿאַר וועמען בין איך ערשט גרייט געווען זיך צוקוצליען, מקריב צו זיין מיינע טעג, מיינע יאָהרען, מיין גאַנץ לעבען? פֿאַר וועמען? פֿאַר אַ קליאַטשע! פֿאַר אַ יאַדעשליוויער, אָפּגעבאַרעמטער שקאַפּע!... איך האָב מיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטען און מיט אַ צעבראָכען האַרץ זיך אויסגעדרוקט אַ ביסעל ווייטער. —

די קליאַטשע האָט פּלוצלים אַ זיפֿץ געטאָן. איהר זיפֿץ האָט מיר אין האַרצען זיך אָפּגערופֿען ווי אַ דונער. איך בין פֿאַרציטערט געוואָרען. פֿייערדיגע געפֿיהלען פֿון רחמנות האָבען ווידער אָנגעצונדען מיין בלוט. איין זיפֿץ איהרער האָט אין מיר אָנגעמאַכט אַ גאַנצע איבערקעהרעניש, און מיך ווידער שטאַרק געצויגען צו איהר ווי אַ מאַגנעט. אָט אַזוי, האָב איך געטראַכט, איז מאַקע גוט. זיפֿץ, זיפֿץ, קליאַטשע! דאָס איז אַ גוטער סימן, פֿון דעם זיפֿצען ווערט מען אַרויס דעם אומגליקליכען פּרינץ, ווי ער רייסט זיך מיט אַלע קרעפֿטען צו בעקומען אַ מענשליך פּנים, און דעם זיפֿצען הערט זיך זיין קול, ווי ער שרייעט: איך לעב נאָך און פֿיהל נאָך אַלצדינג, ווי אַלע מענשען! עס הערט זיך, ווי ער שרייעט און בעט רחמים: גוואַלד, מענשען, דערבאַרמט זיך, לאָזט מיך צוריק אָננעהמען מיין געשטאַלט! — זיפֿץ, קליאַטשע, זיפֿץ! דאָס זיפֿצען קען עפּיס אויפֿמאַכען, עס קען אַמאָל רירען, צעברעכען הערצער, עס קען אַמאָל אויפֿוועקען מענשען אין די אויערען, זיי וועלען אויך אָנהויבען צו ציטערן, וועלען רחמנות האָבען און דיר העלפֿען. אָט אַזוי, קליאַטשע, אַז דו זיפֿצסט, איז מאַקע גוט!

און ווי איך טראַכט אַזוי, גיב איך אַ בליק, נעבען מיין קליאַטשע איז נישטאָ קיין לעק היי, די האָט עס אונטערגענומען אויפֿגעגעסען, נישט איבערגעלאָזט, איהר זאָלסט האָבען, אַפֿילו אַ בלעטעלע. אַ־אַ־אַ! האָב איך ביי מיר געטראַכט, אָט וואָס איהר זיפֿץ בעדייט! די זיפֿצט פּשוט, וואָס עס דערשטיקט איהר נישט די קישקע, וואָס זי האָט נישט נאָך אַ ביסעל היי, נאָך אַ האַלבען גראָז. ווען זי זאָל בעקומען אַ סך היי, אַ סך גראָז,

דערצו נאָך עטליכע מעסטלעך האָבער, וואָלט זי געקענט צופֿרידן, נאָר איבערגליקליך. עס מוז שוין זײַן ווי עס וויל זיך, אַבי אַ סך האָבער, אַבי די קישקע, אַ רײַטע, עבטע קליאַטשע, כ'לעבען!... דער האַזיטער נערצאָג האָט מיך גאָר צושרויפֿט. פֿאַר פֿערדראָס האָב איך געציטערט און געוועזן שטאַרק צורודערט.

— וואָס ציטערסטו דו אַזוי? — רײַסט זיך פֿון דער קליאַטשע אַרויס אַ וואָרט צו מיר — אפֿשר איז דיר דאָ ענג דאָס אָרט, אַ פּנים, נישט גוט צו זיצן דאָ נעבן מיר?

— דיר איז אפֿשר דאָ גוט, אָבער אַ מענטשן מיט פֿערשטאַנד, מיט געפֿיהל, און ווײס וואָס גוט איז, איז אַזאַ אָרט שלעכט, זייער שלעכט!

— זאָג איך אַ ביסעל מיט פֿערדרוס, וועלענדיג איהר אַ פּיק טאָן מיט אַ שטעכווערטעל.

— אַוודאי איז דיר גוט צו רעדען! — האָט זי זיך אָנגערופֿען און אַ מאַך געגעבען מיט'ן קאָפּ. אַ צודרייטער זאָל ווי איך פֿאַרשטעלט ווערען אין אַ קליאַטשע אַזוי פֿיעל יאָהר אַ אַנדערער זאָל ווי איך אַזוי פֿיעל אויסשטעהן, זײַן בײַ־וואָנעלט, דער'הרג'עט, דערשלאָגען, אַזוי פֿיעל איבערטראָגען צרות און לײַד פֿון אומליכען בעווחער, וואָלט ער, כ'לעבען, שוין לאַנג פֿערלוירען זײַן פֿערשטאַנד, זײַן געפֿיהל. עס וואָלט איהם אויסגעגאַנגען דאָס לשון אָבגענומען און ער וואָלט געוועזען אַ רײַנע אמת'ע בהמה.

— נו, נו, בין איך איהר אַרײַנגעפֿאַלען אין די רעד, דיר איז ליעב די פּלאַטשע, דיר איז דאָ גוט?

זי צו מיר: — האַסט זיך גוט, אַלץ בעסער ווי פֿריהער. עס זענען געוועזען צײַטען, וואָס מען האָט מיך נאָר געטריבען און נישט געלאָזט אויסרוהען מיך אפֿילו קיין רגע. מײַנע שונאים פּלעגען מיך אַלץ טרײַבען, טרײַבען און צונעהמען בײַ מיר דעם לעצטען כח. איצט, ווענינסטענס, רוה איך דאָ אַביסעל, אויף דער פּלאַטשע איז מיר ווײַך צו ליגען און איך גלײַך חאָטש אַביסעל אויס מײַנע אַלטע קראַנקע ביינער.

איך צו איהר: — און די קלעפּ, וואָס דו האָסט ערשט הײַנט נאָך חאַפּט פֿון די קונדסים, און די הינט, וואָס זענען ערשט נישט לאַנג אויף דיר אָנגעפֿאַלען, האָסטו שוין פֿאַרגעסען? אפֿשר איז דאָס בײַ דיר אויך גוט?

די צו מיר: – אַלץ בעסער ווי פריהער. איך מיר היינט! היינט ראָסמאַכי בעדאַרפט זעהען, וועלכע די לצים, די װ י י ט ש ל ע ך, האָבען אַמאָל אויף מיר אָנגעדרייט. יענע יונגען טעווען גרויסע, געלעחטערטע, האָבען געשלווישעט, געשטאַנען אויף די לאַפּקעס, געדרעהט מיט די ווידלען און אויסגעפּלאַגט אַלצדינג, וואָס מען האָט נאָר מעהייסען, זענען צווישען די היינט געהן פשוט פּראָבעסאָרען. שכל האָבען זיי נעבעך האָט כמעט ווי מענשען, אָבער אַ דאַרץ און אַ מויל — עבט רוסישע, זייער בים איז געווען שרעקליך, עד היום שטעהען נאָך פאַר מיר צייכענס פון זייערע ציינער... די היינט, וואָס דו דאָסט היינט געזעהן, זענען פּראָסט קעלבלעך, טראָגע קעפּ, אָהן שכל; ווייסען אפילו נישט רעכט ווי אַזוי צוכאַלקען, ווי צו בייסען, בילען, משטיינס מעשאָנט, גלאַט אַזוי נעבילט, און בילען אויך אַקעגען דער לבנה, מיט אַ שטיקעל ברויט פערשטאָפּט מען זיי דאָס מויל, און דעמסטמאָל קען מען פּראַנק און פריי סגבה'נען, גזל'ען, ראַבעווען פאַר זייערע אויגען... אויך מיר קונדסים! קונדסים זענען געווען אין יענע יאָהרען, וואָס פלעגען זיך שטאַרק נאַריש מאַכען, אויסליכען פאַרדרעהען די קעפּ און אויסטראַכטען ווילדע אָנשטעלען; וואָס פלעגען זיך פאַרשטעלען פלומר'שט פאַר בעריען, מאַכען כו און שרעקען דעם עולם. אמת טאַקי, די היינטיגע קונדסים נעדט אויך נאָר נישט אָב, נאָר ווי קומען זיי אָבער דאָך צו די אַלטע! אַז יענע האָבען זיך גענומען צו מיר מיט זייערע אָנשטעלען, פלעגט מיר פשוט ניט ניתא זיין דאָס לעבען. ווענין, אַ שטיינער, האָבען מיך געפּלאָגט אָט יענע שטאַרקע פערד, וואָס דו דאָסט היינט געזעהן צווישען די תבואות!

— וואָס רעדסטו־דו? — מאַך איך שרעקליך פערוואונדערט. — וואָס היימיש שם, פערד האָבען דיך אויך געפּלאָגט, געפּייניגט? ווי קומען די פערד, די היינטיגע פערד, צו דיר?

— ווען מענשען האָלען קענען אַריינקוקען אין אויסליכער זאַך אינ־ווענדיג, וואָלט זיי פאַרענטפערט געוואָרען אין דעם לעבען זעהר פיעל קשיות, נישקשה, איך רעד צו דער זאַך. אָט די האָזיגע פערד זענען גלגולים פון שרעקליך ווילדע מיאוסע קינדסים, וואָס האָבען פאַרציי טענס געיאָגט, געפּלאָגט דעם עולם, געאַרבייט מעשים און אָנגעטאָן זעהר פיעל שאָדען. אַליין איז אויסליכער געווען בעהיישנע, דאָס היימט אָהן אַ זעל, און אויף אוהם האָבען געמוזט אַרבייטען טויזענדער זעלען; יענע

פלעגען זעסען דאָס דאַר שטיקעל ברויט מיט דעם שוויים פון זייער פנים, הײַנט דעם זיך טאָרנישט פערגינען אפילו דאָס, וואָס זיי האָבען אַליין אַרויסגעבראַכט, אויסגעהאָרעוועט מיט זייער פּראַצע, — און ער האָט זיך געבאָדען אין וואוילטאָג, אויסגעניסען זייער מיה און נאָך געשאַסטעט, פאַרשווענדעט, יענע האָבען פונזײַנעטוועגען אײַנגעלעגט די וועלט, מיט זייער אַרבייט איהם פערשאַפט מאַיאָנטקעס, דערפער, שטעדט; מיט זייער מיה איהם געמאַכט אַ גרויס פאַרמעגען, און דאָס ביסעל עסען, וואָס זיי, נעבעך, פלעגען פון איהם אַמאָל בעקומען, מאַקי נאָר אַבי צו דערהאַלטען די נשמה—דאָס האָט געהייסען אַ נדבה. זיי האָבען גע=הייסען אָרמע בעטלער, און ער — בעל רחמים, אַ פרײַגעביגער, אַ בעל=צדקה, אַ בעל=טובה. זיי, וואָס האָבען אויף איהם געהאָרעוועט, איז עס געווען אַ גאַנץ געוועהנליכע זאַך, אַזוי דאָס עס בעדאַרפט מאַקי זיין, און אַז ער האָט אַמאָל געגעבען עפּיס אַ נדבה אויף הונגעריגע, אויף קראַנקע, פון זייער שווערער האָראָוואַניע מאַקי, האָט דערמיט די גאַנצע וועלט געהאַט צו טאָן, מען האָט עס בעזונגען, בעוואונדערט און אַלע גאַזעטען און צולעגט אויף טויזענט טעלערלעך — לאָז דער עולם וויסען, אַז ס'איז דאָ אַ באַרמהאַרציגער, אַ גוטער, אַ פרומער, אַ דימענטינער מענש!... אַמאָל זענען די דאָזיגע פערד געווען אײַדעלע מענשען=לע=בעדיגער, הײַנט זענען זיי אײַדעלע פערד=לעבעדיגער. וואָרום, לאָ'מיר זיך נאָר נישט נאַרען, צו וואָס טויגען אײַדעלע, געלערנטע פערד? אַרבייטען — אַרבייטען דאַרף פערדלעך, נעבעך, די געמיינע פערד. זיי אַקערען די פעלדער, פיהרען וואַסער און האָלץ, שלעפּען, טראָגען משא און טוען אַלצדינג אין דעם בעל=הבתישקייט. די אײַדעלע פערד אַקעגען פיהרען זיך אַ גליקליך לעבען אין שטאַל נעבען היי און האָבער; פאָהרען זיך אַמאָל אַרויס שפּאַצירען מיט זייער פריץ, הייבען פיסלעך, און שטאָלצירען מיט זייער פעט בײַכיל, מיט זייער שיינעם געשפּאַן, אָדער טאַנצען, מאַכען אָנשטעלען אין די צירקען און נאַרען דערמיט בײַ דעם עולם אויס דאָס געלט. צו וואָס נוצט עס באמת אַז אַ פערד טאַנצט, מאַכט הוקעס=פּוקעס? פאַר וואָס זאָל אַזאַ פערד גיין אין גאָלד און מען זאָל איהם, ווי גרויס עס איז, מיט געלט אָפּשאַצען? לאָזען זשע יענע פערד אַרבייטען און נישט גיין אין שאַדען!

— שאַ, שטילער אַביסעל! האָב איך צו איר געטאָפּט, דו רײַסט תמיד אַזוי מויל?

— אַך! — האָט די קליאַטשע מיט אַ זיפֿץ טענטעמעטערט — געוויינ־טליך שווײַג איך און קען נישט רעדען אַפֿילו קיין וואָרט. מען וויל נישט, איך זאָל רעדען. גאַנץ אָפֿט קען איך אַפֿילו קיין טריט נישט טאָן, און דענסטמאָל בין איך טאַקע אַ קליאַטשע מיט אַלע פּיטשטשעווקעס, האָטש רעד איבער מיר פֿון הײַנט ביז איבער אַ יאָהר, וועל איך דיך נישט הערען. דו וועסט שרײַען: נאָ, רעכטס! און איך וועל מיר גיין לינקס, סײַדען דו וועסט מיך אָנטרומען בײַ דער טשאַפּריטע און שלעפּען מיט געוואַלד. דענסטמאָל קען אויף מיר רײַטען ווער עס וויל, אַפֿילו אַ יונג־גאָל, אַ שוטה, אַ ווײַסע־חברה־ניק, אַ חראַב, אַ טיטעניכטס, אַ לא־יוצלח! נאָר עס זענען דאָ געוויסע צײַטען, וואָס מיר עפּעסט זיך אַ מויל, און אַז מען צינדט מיך דענסטמאָל בײַ דער צונג, שיטען מיר זיך נײַן מאָס רעד פֿון דעם מויל איך רעד דענסטמאָל פֿאַר פֿײַער און פֿאַר וואַסער. עס ווערט דענסטמאָל פֿון מיר אַרויס מיט איינמאָל, ווי פֿון אַ פֿײַער־שפּײַענדיגען באַרג, אַלצדינג, וואָס מיר האָט זיך אָנגעקליבען אויפֿ'ן האַרצען: גאַנצע וואָלקענס פּעקיחראָס, גריזאָטע, ועחמאַג און פּורעניות; עס צעשפּילען זיך אין מיר די געפֿילען, ווי פֿלײַצענדיגע טײַכען אין הערבסט־צײַט. הייבען זיך־אויף מיר אין דעם קאָפּ מיט שרעקליכע חוא־לעס, רײַסען דעם מוח און שטופּען זיך מיר אַרויס דורך די אויגען. עס פּוקעט זיך מיר די גאַל, עס הערט זיך אַרויס מײַן ביטער האַרץ, מײַן שווער נשמה!...

— זאָג מיר, נשמה, — האָב איך מיך אָנגערופֿען, — זאָג מיר, אַז ס'איז שוין יאָ געקומען צו רעד, פֿאַר וואָס פּאַסעסט דו אין שאָדען? ערשט הײַנט טאַקע איז מען דערפֿאַר אויף דיר אָנגעפֿאַלען. ערשט הײַנט האָט מען געשריגען: דו פּאַססט אין שאָדען!

— פֿערטראַכט די זאַך פֿעטער, ענטפֿערט זי, וועסט־דו מיך אַזוי נישט בעשולדיגען. אַז מען רעדט פֿון מײַן שאָדען, מוז מען אַקעגען שטעלען אויך דעם נוצען, וואָס איך ברענג. וואָרום מען קען אַנדערש נישט אַרויסגעבען אַ ריכטיגען דין, צום גוטען, אָדער צום שלעכטען, סײַדען צוזאַמענגערעכנט די פֿיינע זאַכען אויף די וואָגשאָלען איינע אַנטקעגען די אַנדערע, צו זעהן, וועלכע פֿון די צוויי איבערוועגען. ווען נישט, קומט

אויס, אַז כמעט איטליכער טרוט איז שאַדען; קיינער כמעט איז נישט ריין פון דעם פעדהלער, אפילו יענער, וואָס שרייט דערויף געוואַלד. ביי דער היינטיגער פירונג אין דער גאַנצער וועלט אַרום און אַרום, איז שאַדען אַזאַ פעהלער, אַזאַ זינד, וואָס לאָזט זיך גאָרנישט אויסמעקען און פאַרענטפערט זיך גאָר מיט נאָך אַזאַ זינד. למאי, זאָגט מען, גערהט יענער אין שאַדען? — דאָס איז אַזאַ זינד, וואָס ווי דו האָלסט נישט שרייען, בלייבט זי טאַקי אַלין; זי קען מען נאָר פירען אונטער דעם דעקטוך-פאַרדעקט, פערדאַנגען מיט צדקה, אָדער נוצען. שמעון דער גזל, גנבענען, שרייט: אוי, ראובן שאַדעט! יאָ, ענטפערט מען: ראובן מאַכט טאַקי אַביסעל קאַליע, אין בריה, וואָס זאָל ער טאָן? דערפאַר קוק אָבער, ווי ער גיבט ערגיש אַנדערש!... און אויב איך נוץ אויך? אויב איך האָב אויך געבראַכט און ברענג דער וועלט אַ נוצען? דאָס, דאַכט זיך, וועט נישט אָבלייקענען קיינער. פון אייביגע, אייביגע צייטען איז מען אויף מיר געריטען, איטליכער האָט פון מיר, מעהר אָדער ווע-ניגער, גענאָסען. ווערמען האָב איך שוין אויף מיין רוקען נישט איבערגעטראָגען? און וועמעס שאַדען בין איך שוין אין מיין לעבען נישט אויבגעשטאַנען? איך מיין, אַז מיין אַרבייט איז ווערטה אַ סך מעהר פון אַ הויפען גראָז!... דאָכ, האָסט דו איינמאָל. הייסט צווייטענס, פאַרגעם נישט, אַז מיך קוועטשען די אומשטענדען, מיך צווינגט די נויט, ווען איך וועל מיר אַליין נישט זוכען עסען, וועט מען מיר טאַקי נישט געבען. איך וועל מוזען לעגען די ציינער אויף דער פאָליצע און שטאַרבען פאַר הונגער. אויף דרך ארץ קען איך נישט וואַרטען; כל זמן מען לעבט, מוז מען עסען, וואָס וויל איך דען מעהר ווי עסען? און וואָס, משטיינס געזאָגט, איז אויסגעגעצען מיין שאַדען? אַ הויפען היי, אַביסעל גראָז!... יענע שענע פערד אָבער האָבען דאָך פון כל טוב. זיי גיט מען דאָך זייער בעדערפניש, זיי האָבען דאָך דאָס רעכט צו פיטערן זיך אומעטום פריי אויף דעם גראָז, פאַר וואָס געהען זיי אין שאַדען? און נאָך וואָס פאַר אַ שאַדען! זיי צוטרעטען תבואות, פערוויסטען גאַנצע פעלדער און מאַכען תל.

— וואָס פאַר אַ שייכות, פרעג איך זי, איז אמאָל געווען צווישען דיר און יענע פערד, אָדער, ווי דו זאָגסט, קונדסים?

— יענע קונדסים, אָדער ווי דו זאָגסט, פערד, ענטפערט זי, פלע-

נעמען אַמאָל, אַמאָל אין די אַלטע יאָהרען שרעקליך זיך אָפּרעכענען מיט מיר און מיך פּייניגען צום טויט. בשעת זייערע אַ קאָמפּאַניע האָט זיך אַמאָל געלאָזט אויף אַ מלחמה מיט דעם תּוגר, האָבען זיי מיך געדריגעט געמוטשעט מיט די פיס און מיר אויסגעקוועטשט דעם מאַרך פון די ביינער. זיי האָבען דערנאָכמאָל פון מיר געריבען די הויט, צעטרענט די אָדערן, מיך געשטעמפּעלט, געברענט מיט גליהענדע קוילען פייער. אויף מיין פעל שטעהט אָפּגעדרוקט מיט אַלערליי צייכענס די גאַנצע געשיכטע פון אכזריות, פון ווילדקייט און פון נאַרישקייט, וואָס האָבען געהערשט אין יענע שוואַרצע, פינסטערע צייטען. מיין אָפּגעפּייניגטע פעל מיט די בלויע צייכענס, מיין צוקראַצאַטשעטע רוקען מיט די ביילען — איז די געשריבענע געשיכטע פון יענע אַלטע דורות. קוק אויף מיין פעל און לייען!...

לעמפּעל. מען האָט שוין פאַרשטאַנען, ווער זיי זענען, פון וואַנען זיי שטאַמען, וועלכעס טבע זיי האָבן און וואָס זייער תכלית, זייער כוונה איז אויף דעם עולם, צווישן אונז אומגליקליכע, ייִדישע מענשען...

עס טראַכט זיך פיל מאָל אין דער וועלט — איינער גיט זיך אָב מיט לערנען דעם גאַנצען לעבען און בלייבט אַ נאַר. און איינעם געראָטעט עס ווערען אַ חכם באַלד מאַכן אָהן גרויס מיה.

בלילה הזה — אָט די נאַכט בין איך געוואָרען אַ חכם און ווי באַלד איך בין געוואָרען אַ חכם, פערשטעהט זיך שוין אַליין, אַז איך האָב אָנגעהויבען אין אַלצדינג מסופק צו זיין, און נישט מער אין אַנדערע מסופק צו זיין, נישט צו וויסען קלאָר, ווער זיי זענען און וואָס זיי זענען, — אפילו אין מיר נישט מיין כבוד אַליין מאַכן אויך. אפשר בין איך גאָר נישט איך? טאָמער בין איך אין דער הגלגל פון איין אַנדער כח, וואָס לעבט אין מיר און נישט איך בין דער בעל הבית פון מיין גוף צו טאָן אַלצדינג נאָך מיין פערשטאַנד און מיין ווילען, נאָר יענער הערשט איבער מיר און צווינגט מיך מיט געוואַלד צו טאָן דאָס, וואָס ער וויל, איך זאָל פיהרען זיינע געשעפטען און זיין שטינקער לעבען ווייטער מאַכן ווי ער פיהרט. עפּיס מאַכן נאָר „אַ מגונה כחומר" — איך בין דער חומר און ער איז דער יוצר, דער גאַנצער מאַכער, הייסט עס, אָדער — איך בין דער חמור, דער אייזעל, און ער איז דער אָנטרייבער. יאָ, אָבער ווער זאָל דאָס זיין אין מיר אַזוינס? און וועמענס גייסט רעדט דאָס אַזוי אויס מיר? אפשר זיצט אין מיר איינע פון די הויכע נשמות — שלמה המלך'ס נשמה, אַ שפּיי נאַר! און עס לאָזט זיך מאַכן דענקען אַזוי. ער איז אין איין נאַכט פון דער העלער הויט געוואָרען אַ חכם, קליגער פון אַלע מענשען פון זיין צייט און איך, בחור, בין דאָך אויך געוואָרען אַ חכם בלילה, הייסט דאָס, אַ סימן, ער וויל, אַז דורך מיר זאָל זיך עס צייגען זיין חכמה און איך זאָל זיין קליגער פון אַלעמען אין מיין צייט. אָדער אפשר זיצט אין מיר אַן אַנדער גרויסע נשמה? אויב די קליאַטשע, אַ נקבה, איז אַ בן מלך, בין איך, אַ זכר, גאָר אַ בת מלכה, און אַז נשמות האַלטען ביי גלגלים זיך פערבייטען, דאָס הייסט, פון אַ זכר זאָל ווערען אַ נקבה און אַ נקבה אַ זכר, דאָס איז אַזוינס, וואָס איז זעהר מעגליך. און איך האָב מיך דערמאָנט, אַז דאָס אייגענע מאַכן האָב איך אויך געלייענט אין אַ ראָמאַן פון אַ בערימטען פראַנצויזישען אַסטראָנאָם. און אויב יאָ אַזוי, מעגליך,

אַז איך בין נאָר די מלכת שבא מיט איהר כבוד אַליין. און נישט אמת. זיכער טאַקע זעגען מיר, איך מיט דער קליאַטשע, זיך צונויפגעקומען דאָ, אַ װאָס, אפשר איז אַ טעות, און נישט איינע פון די בײדע נשמות זיצט אין מיר, מאַכט אויך נישט אויס. דער עיקר איז דאָך אַ הויכע, אַ גרויסע נשמה. און װעניג גרויסע נשמות זעגען דאָ בײַ אונז? און כמו דאָס קאָבענעש פון מײַן הײס בלוט און די גרויסע התלהבות מײַנע, מעגליך, אַז אַ רוח פון יהודה המכבי איז אַרײַן אין מיר. דער כח ליגט דאָך מיר אין מויל, די גבורות — אין דער צונג. איך פיהל אין מיר אַצינד, װי עס קאָכט מיך טאַקע צו געבען אַ שרעקליכען געשרײַ, װי מיר איז אויפ'ן האַרצען איז, אַז די װעלט זאָל פערציטערט װערען.

און װי איך האָב נאָר אויפגעעפענט אַ מויל און אַ געשרײַ געטאָן, באַלד איז געװאָרען דונערען מיט בליצען און אַ שרעקליכער שטורעם־װינד, אַ רעדעל װי אַ זײַל האָט זיך געדרעהט גאַנץ הויך אין דער לופטען, ס'איז אַ קאָבענעש, אַ צוזאַמענמישעניש פון אַלערליי געשטאַלטען, װאָס טאַנצען, שפּרינגען, פליהען משוגע־נערװעז װי די רוחות, אַרײַנהאַפּענדיג צו זיך אין קאָפּ אַרײַן אַלצדינג, װאָס קומט זײ אויפ'ן װעג אַקעגען. עס טראָגט זיך, עס דרעהט זיך רעש'דיג מיט אימפּעט, בעגלייט פון אַ משוגע'נער קאַפּעליע: עס קראַקעט, קוואַקעט, קוואָקעט קרעכצט, הײַלט, װישעט, פילדערט, גרילצט אין די אויערען. בוימער און װאַלד ענטפערען אָב צום טאַקט, בײַטענדיג זיך אין אַלע זײַטען, רוישען, צימבלען און פּאַטשען, פליאַסקען מיט די צװײַגען. די לבנה דערשרעקט זיך און לויפט זיך בעהאַלטען אין אַ שטיק װאָלקען. איך בלײַב פערנאַפט. איז עס מעגליך, אַז אַט דער רעש, דער שטורעם זאָל קומען פון געשרײַ, פון מײַן בלאָזען מיט דעם מויל! אפשר איז אַצינד אַ חתונה בײַ דיעם נעטען פעקיל שדים,—אַ מכשפה פיהרט מען עס צו דער חופה מיט איהר באַשערטען, לעבעדיג־פרעהליך, צאַלטע און יונגע מכשפות טאַנצען, שפּרינגען און דרעהען זיך אין אַ רעדעל מיט רוחות אינאיינעם. איך קוק מיך אום צו דער קליאַטשע און דערקען זי נישט. זי מינעט זיך און נעהמט אָן אין מיטעט פערשיעדענע געשטאַלטען. אָט, האַפּט זיך, נעהמט זי אָן אַ מעשׂליך נייע שטאַלט: אַ העלדיעלע אַ אויסגעדרייטע, אַ נידערעלע מיט אַ אויסגעשנאַרצעניען קנאָפּ, מיט פאות פערפלאָנטערטע קאָלטענעװאַטע,

אַ אָפען מויל, מיט אַ צעראָבנעראַגנעגעם ליפּ און אַ וויפּין נאָך אַ זיפּץ רייסט זיך אַרויס טיעף ביי איהר פון האַרצען. און אין אַ רגע אַרום נעדומט זי אָן אַ משוגנה געשטאַלט, נישט צו פאַרשטעהען, וואָס עס איז מאַר אַ מין פערוועהעניש און פּלוצלינג שטעלט זי אויף די אויערען, ווערט זיך ווי צו עפּיס צו, גלייך ווי זי האָט עפּיס דערשפירט, טהוט זיך פערציטערט אַ שטעל אויף די פיס, גלייך ווי אַ שלאַנג וואָלט זי אַ פּיס געגעבען, שטרעקט זיך אויס ווי גרויס זי איז שוואַקלענדיג מיט'ן עק, ווי אַ'נעבעכע קליאַטשע מאַכט. און באַלד וואַקסט עפּיס אויס ווי פון דער ערד אַ מין נפש, האַפּט זיך אַרויף אויף דער קליאַטשע רייטענדיג, טרוקט אַ שמיץ, אַ פייף—אַוועק, אַוועק, די קליאַטשע טרוקט סקאָקעוויג אַ שפּרונג אַרויס פון דעם גרוב און ווערט פערשוואונדען.

—אוי, אוי, קליאַטשע! אוי, אוי, מיין קליאַטשע!—שריי איך מיט אַלע מיינע קרעפטען.

און דער שטורעם לאָזט נישט אָב, און די רוגעשען ווערען אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. דאָס פריהערדיגע רעדעל אין דער לופט גיט מיר אַ נעהם, און איך דרעה זיך אונוועגיג אין איהם מיט נאָך אַנדערע ווילדע בעשעפּענישען. עס הערט זיך אַ מורמלען עפּיס ווערטער אויף אַ לשון אַ גאַנץ אומבעקאַנטען: „שרלאַי ואמרלאַי כוך מויך פּוכזייך ממכסייך פרח מרדויכו!—עס פאַרדרעהט זיך מיר דער קאָפּ, עס מאַכען זיך צו די אויגען, עס בעשלאָגט מיך אַ שווייס. און איך דערפיהל ווי עפּיס אַ דאָנער נעדומט מיך אָן דאָ מאַר'ן קאָפּ, דאָ מאַר די פיס, און איך גיעב אַ געשריי פאַלענדיג אַראָב, און אויפעפענענדיג די אויגען.

איך פיהל עפּיס קישענס מיר צו־קאָפּענס און ווייס נאָך אַלץ נישט קלאָר, וואו בין איך. איך הער משוגנה'דיגע ווערטער, ווי יענע, אַ שטייגער, וואָס פריהער, בשעת חרעה'ענדיג זיך אין רעדעל, און ווער עס רעדט, זעה איך נישט. און אין אַ ווײַלע אַרום, אַז איך האָב אָנגעהויבען צו זיך קומען, האָט זיך מיר געוויזען אַלץ וואָס ווייטער, ווייטער איינע נאָך די אַנדערע אַ צוקאָשמעטע באָרד, לאַנגע פאות און אַ משונה'דיגע צורה, פון אַ מין נפש אַ מאַנספּערשוין. דער דאָזיגער מין נפש באַפּרעט זיך אין אַ ווינקעל, גלאָצט מיט די אויגען, מאַכט משונה־ווילדע העוויות, מאָפּעט, גלייך ווי ער וואָלט מיט עמיצען זיך

געקריגעט און מיט א בייזער געשריי אָהערלטען מיני ווערטער: „איך בין איך משביע בשם לוציפעריאל, ובשם פלוטאָניאל, צעפעריאל, פראָ-זערפיניאל, בשם... בשם... און בשם... אַז איהר זאָלט קיין שליטה נישט האָבען אויף ישראל'יק בן ציפה. נאָר ווייסט זיך, שפרייט זיך, אין די וויסטע פעלדער, אין די פינסטערע וועלדער. דאָרט שטעהט א שטיין אויף דעם שטיין נאָך א שטיין, דאָרט שטעהט אַ באַרג, אויף דעם באַרג אַ באַרג, אויבען זיצט שמעהדיג בן נעין און פאַטעט ווילדע קעץ האָפּט וואָס שרייען נאָר אַ קאַטער, האָפּט וואָס שרייען נאָר אַ פּי-פּערמאַמעה. האַפּט פון דער וועלט אַלע פליגען, מאַראַקאַנעס, גרי-לען, פליי, וואַנצען, און נעהמט מיט זיי מאַנצען, טאַנצט אין די פּוסטע וועלדער, אין די וויסטע פעלדער, מאַנגט שפּרינגט, קוועלט, און לאָזט צורה די וועלט“... און א אַלטע נייע שטעהט זיך און שעפּטשעט ביחידות, שטיל, און אַ ווינקעל, שפייט און געגייט אויסשפּאַרענ האָט מייל הויך אויף אַ קול.

—פּדהא זיקא למריקו, ביך, ביך!—מורמעלט דער מין נפש, בוינט זיך אויף מיר און האָפט מיר אָן פאַר'ן שפּיץ נאָז.

—הכיך אַ פּססיך אַ פּססססיך!—ענטפערט איהם אָב די נאָז מיי-נע, צופיסט זיך ניסעגדיג אויף אַ קול.

—צום געזונד. צום לעבען!—ווינשעווען מיר צו דער מין נפש מיט פרייד, טרעט זיך אַוועק געשווינד צו דער טיר מיט דער פרעהליכער בשורה:

—ציפּע, קומט, הערט, דער זוהן אייערער איז פריש און געזונד.

—וואו בין איך?—פרעג איך שטאַרק פערוואונדערט.

—ביי מיר, מיין זוהן! ביי מיר בין הונדערט און צוואַנציג יאָהר—ענטפערט אָב די מאַמע שטעהענדיג נאָך אין דער טיר און מאַכט אין אַ מינוט אַרום קומט די צו, פאַלט מיר אויפ'ן האַלדז מיט א ביטערן גע-וויין.

—שפּירי, בירי, רידי, רי,—דאָס נעשעפּטשעט יענער מין נפש, בלאָזט און פּלאָזט, ווי ער וואָלט שמייסען דערמיט פערטרייבען. הערנאָך ווענדעט ער זיך צו דער מאַמען און זאָגט:

—ציפּע! איך פאַרט מיך שוין מיט די ליצים אפשר אַ יאָהר דריי-סיג—יאָ צוויי, ציפּע, איז מאַקע דער חשבון, באַלד נאָך דער ערשטער

—האָב רחמנות, מאַמע, און דערצעהל מיר. איך וועל נישט רוהיג זיין, ביז וואַן דו וועסט מיך נישט בערוהיגען. וויין נישט און דערצעהל מיר, זיסע טייערע מאַמע! איך וויל וויסען.

— וואַרט א ביסעל, מיין טייערע, לאָז מיר זיך אויסוויינען.

ס'איז שטיל. די מאַמע ליעגט אָנגעשפּאַרט מיט דעם קאָפּ אויפ'ן האַרצען, הויבט שטילערהייד ציטערענדיג מיט'ן גאַנצען קערפּער. און א ווײַלע אַרום הויבט זי אויף דעם פּנים צו מיר, האַלט זיך איין און דערצעהלט מיר זיפצענדיג אָט וואָס:

—אַז דו ביסט אַרויסגעגאַנגען שפּאַצירען אין פעלד, און נישט צוריק געקומען שפּעט אין דער נאַכט, זענען מיר אַלע געגאַנגען אונטער דער שטאָדט און זיך צעלאָזט אין אַלע זייטען דיך אויפזוכען. מיר האָבען אַזוי לאַנג געזוכט, געזוכט, ביז מען האָט דיך געפונען עפּיס ווי פערשלאָפען אונטער א בוים, ערגיץ נעבען א קאַנאַל. קומענדיג א היים האָט מען שוין אַרויסגעזעהען אין דיר, אַז דו ביסט עפּיס צוטראָגען. עס האָט פון דיר זיך אָפּגעטאָן דער שלאָף און ביסט געווען שטאַרק צוקאָכט. אויף מאָרגען האָבסט דו אין מויל נישט גענומען קיין עסען, אַלץ געוועין צורודערט, וואָס איינס צום אַנדערן האָט זיך נישט געקלעבט. מיר אַלע אין שטוב האָבען עס נישט געקאָנט פערשטעהן, וואָס זאָל עס אַזוינס באַדייטען?—דערנאָך, וועה איז מיר, האָט עס זיך אַרויסגעוויזען. הלואי רבונו של עולם, מען זאָל מעהר דערפון נישט וויסען נישט מיר, נישט כל ישראל!

—ניין,—האָט די מאַמע געזאָגט מיט טרעהרען, אָבשטעלענדיג זיך אין מיטען שמועס—ניין, איך קען מעהר נישט רעדען, איטליכעס וואָרט שטעכט מיך ווי א שפּילקע. איך בעט דיך, מיין קינד, לאָז מיך צורוה, און דיר טאַקע איז אויך צייט צו רוהען. נאָכ'ן שלאָף וועט דיר גרינגער ווערען. שלאָף, מיין זוהן, שלאָף, דער שלאָף איז יעדער גוט פאַר דיר, ישראל!——

—נאָר מיט דעם בעדינג, מאַמע, אַז דו זאָלסט מיר צו-זאָגען מאָרגען ווייטער צו דערצעהלען.

—זאָל זיין ווי דו זאָגסט—האָט געזאָגט די מאַמע,—שלאָף, שלאָף, מיין קינד, שלאָף, ישראל!...

---

## דאס זעקסטע קאפּיטעל.

# וואס די מאמע דערעדט נישט, דערקלערט עס דער משרת.

---

אויף מאָרגען נעהמט אַריין די מאַמע צו מיר פרעגען, וואָס איך מאַך, און אַז איך האָב זי שטאַרק געבעטען, זי זאָל האַלטען וואָרט און דערצעהלען, האָט זי, ווישענדיג מיט'ן פאַרטוך די אויגען, מיט אַ ביטערער זיפץ געזאָגט:

—דערצעהלען אַקוראַט ווי דאָס איז, איז אוממעגליך. זעהר משונה זענען געווען דיינע נעכט און דיינע רעדען. יענעם טאָג, נישט היינט געדאַכט, האָסטו גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער, איבער חיות, איבער בהמות, איבער מענשען, להבדיל, און ס'האָט דיך געריסען פאַר גרויס רחמנות אויף עפּיס אַ בידנע־אַ וויסטע קליאַטשע, טענעך, וואָס איז קראַנק, צובראָכען און זעהר אומגליקליך. הלואי דיינע ווערטער זאָלען זיך צוגעהן, ווי אַ רויך, איבער פּוסטע וועלדער, וויסטע פעלדער! און אין שטאָדט איז דערווייל וועגען דיר אַרויס אַ קלאַנג, אַז דו ביסט... הלואי, רבונו של עולם, משוגע זאָלען זיי ווערען, די שונאים, וואָס ווינשען בייז מיר און כל ישראל! עפּיס ווי אַ קדחת האָט עס מיט דיר געוואָרפען עטליכע טעג און ביזט געלעגען שטאַרק פערדולט. געלויבט איז זיין ליבער נאָמען, וואָס היינט האָסטו זיך אויפגעכאַפּט פרישער. אוי, געזונד זאָלסטו מיר זיין!

—ציפּע!—זאָגט דער בעל־שם, וואָס ער מיט דער נויע זענען אַריין צו מיר אין צימער אויף די שפּיץ פינגער, כדי נישט צו באַאומרוהיגען פּליצלינג דעם קראַנקען, שטעהענדיג אַ ווייל׳ע שטיל הינטער דער מאַמען בשעת זי רעדט,—נישט ער האָט דאָס גערעדט, דאָס זענען „זייערע" ווערטער, דער רוח האָט דאָס אויס איהם גערעדט.

—פּראַוודאַ!—האָט זיך אַריינגעמישט די נויע, וואָס האָט פּעשמאַגען אַ ביסעל יודיש—עטאָ איזהניע דילאָ. מראַמצאַ אית מאַטערי!

אַלע שפּיַען אויס דרייַ מאָל.

אין מיטן דערינען קומט אַרייַן בריינדיל די וואַשערין, וואָס די מאַמע האָט זי געשיקט אויף דעם הייליגן אָרט רייַסן קברים און מעסטן פעלד. אַרייַנקומענדיג קושט זי דרייַ מאָל די מזוזה, און לויפט גיך צו דער מאַמען פאַרוויַינט, פאַרחליפּעט מיט טרערן, זאָגענדיג אָדער מיט אַ ניגון פון די קינות:

—איך האָב געבעטן די באָבע יענטען, די מומע ועלדען זאָלען אַ ליכטיגען גן עדן האָבען, זיי זאָלען בעטען כשר'ע יודענעס דעם טאַטען, דעם זיידען רב שעפּסעלען און די גאַנצע משפּחה. איך האָב אויך געבעטן די אַלטע רבי'צען, די צדקנית, אַדער זכות זאָל אונז בייַשטיין, זיי זאָלען זיך מהוען. דער וואָס לעבט אייביג וועט דערהערען זייער תפילה, ער איז דאָך אַ טאַטע, רחום, צדיק, ישראליק וועט אם ירצה השם, זייַן געזונד... מען האָט אים בעדאַרפט פּרוּוען אויסקיקלען נאָך אַ מאָל מיט אייער און אויסגיסן פון וואַקס. דאָס איז אים געקומען פון דערשרעקעניש. פאַר אַ יאָהרען האָט ער זיך געמאַכט אַזוי דאָס אייגענע מאַקל מיט דעם בראָדער מלמד'ס זוהן. קריינע האָט אים באַלד נאָך אויסגעקיקעלט מיט אייער און ווי מיט דער האַנד צוגענומען. וואָס מאַכט ער איצט, ציפּע?

—נישקשה!—זאָגט דער בעל-שם,—אָהן סמנות. ס'איז אים געקומען פון אַ דערשרעקעניש איז דאָס אים געקומען, זאָגסטו בריינדיל. אַ פּעולות! אין די זאַכען בין איך אַ מבין. דאָס איז געווען זייער אַרבייט, בריינדיל, זייער מלאכה, אָדער מעגט פרעגען די ער'לטע, זי איז מבין כל-דבור. מיר האָבען שוין עפּיס אויך איבערגעטאָן עסקים אין אונזער לעבען.

—פּראַוודאַ, בריינדיל—זאָגט די אַלטע גוי'ע ·טעזאָנאַ און צוגעקלעט מיט דעם קאָפּ, שטשאָ פּראַוודאַ, טאָ פּראַוודאַ. ענאַ אידגיע דילאַ, טראַסצי איח מאַטערי!

—איך ווייס אָבער נישט—וואונדערט זיך די מאַמע און רעדט ווי אין דער וועלט אַרייַן—פון וואַנען קומט צו אים אַ זעלכע ווילדע געדאַנקען? נישט אַנדערש מאַכן, קלער איך, אַז דאָס איז פון זייַנע ביכלעך, וואָס ער האָט אַרייַנגעלייגט אין זיי דעם גאַנצן קאָפּ זייַנעם. נישט איינמאָל האָב איך אים געזאָגט ישראליק, צו אַלע רוחות יענע

ביכלעך, א שענע ריינע כפרה דער גאנצער עקזאמענט און פער־
שלאג דיר נישט דעם קאפ מיט אזעלכע נארישע ביכלעך, מיט אזעל־
כע משוגע'נע מעשיות! א קאמעדיע, א לאנגע צייט נאכדעם הויך אויף
א קול אריינ'חזר'ן א מעשה עפּיס מיט א גנב, וואס ער האט ארויס־
געראמט זעקס און דרייסיג שטאלען פון פערד, א מעשה פון א סאו־
לאוויי א ראזבוינוק, אויך מיט א בערימטען ריטער, וואס פלעגט
אויסטריקענען א ירדן מיט בראנפען און אויסרייסען גרויסע דעמבענע
ביימער אזוי גרינג ווי א האר; מעשיות פון א מכשף קאשטשי, און עפּיס
פון א באבע יאגא, וואס האבען געקערעוועט די וועלט און וואס ווייבער
פערד האבען גערעדט ווי מענשען; מעשיות פון א שטיפמאמע, וואס
האט איהר שטיפטאכטער פערשטעלט אין א צאפ. און אזעלכע מעשיות
פון הראקעס, טעשלינע, מלחמות, מכות, צרות, ופורעניות, און איך
חיים נאך וואס. וואס ריידען? גוטס קען פון דעם ארויסקומען?

—סטייטש, מאמע־לעבן!—האב איך געזאגט, און אנדערע ספרים
שטעהען דען נישט געשריבען אזעלכע מעשיות? ווענן האסטו מיר
אליין דערצעהלט, און ווענן האב איך מיך פון אנדערע אנגעהערט דער־
צעהלענדיג אויף אזעלכע מעשיות און נאך מעשיות פון וואוקאלאקעס
און פון גלגולים? און מתים וואס גייען ארום אויפ'ן עולם התהו, און
מעשיות מיט רוחות, קליפות, מיט קליינע קינדער, מיט חתנים, כלות,
וואס ווערען אריינגעפאלען צו די פתי־לצנים. וויפיעל געבראטענע הינער
האבען יודען ביי אונז שוין געהערט קרעהען, פאר זיך אויף דעם פא־
לומעטשאק?—וויפיעל קעלבלעך, וויפיעל קיה, וויפיעל אקסען, ביקעס,
פערד און אייזלען האבען פון דער וועלט הויט זיך צעשריען און גע־
בעהטען תיקון; וויפיעל אזעלכע האבען שוין די בעלי עצות מתקן גע־
ווען און די [illegible] צו קבר ישראל?—„מי מנה עפר יעקב"!

—וואס איז דאס פאר א ווערטער?—האט די מאמע מיט שרעק זיך
אנגערופען און געמיינט, איך רעד ווייטער פון דעם וויג. הא, וואס
הייסט דאס אזוינס „מנה"?

—דערנאך מיט צוואנציג יאהר וואלסטו מיר לעבען, ציפעלע,—
האסטו זיך איינמאל בריידל מיט א רוס שמייכעלע פאר תענוג, וואס די
קען צובינד [illegible], אז די איז א וואול־קענטעניסע—ביישטרה, נשבה
מינע, דאס טייטש „מנה", ווער קען איבער ציילען, „עפר" די ערד,

דאָס מיינט מען די קברים, „יעקב" וואָס מען האָט אָנגעמאַכט בײַ יעקב, דאָס מיינט מען די יודען, וואָס הייסען יעקב. דאָס איז דאָך אַ פסוק אין „צאינה וראינה" און דער רבי בהיי זאָגט...

—וואָס עס זאָגט מכח גלגולים,—האָט דער בעל-שם זיך אַרײַנגע-מישט אין שמועס,—שווער איך בײַ באָרד און פאות, אַז מיר אַליין האָט זיך שוין געטראָפען און מיין לעבען אַ סך גלגולים אַרויסצוטרײַבען, איך האָב אַליין געהערט שרײַענדיג, איך זאָל אַזוי הערען שופר של משיח!

—ס'מײַנט גלגול! ס'מײַנט גלגול!—האָט בריינדיל געזאָגט מיט אַ פערפרומט פנים'ל. — ס'מײַנט, דאָס שטעהט דאָך אין דער תורה, דאָס איז זעהר געוועהנליך, וואָס דאַרפט איהר מעהר, אָט האָט איהר אייך קאַבצאַנסקער גלגול! די גאַנצע וועלט האָט אין זיין צייט מיט דעם גלגול געקלונגען שאַ, ברוך מזכיר נשמות! בײַ אונז האָט דען זיך נישט געטראָפען אַ מעשה מיט אַ שוואַרצען קאַטער? דאָס איז געווען אַ דרײַ יאָהר נאָך מיין חתונה מיט דעם צווייטען מאַן, עליו השלום, פונקט אין דער צייט, ווען איך בין פערגאַנגען און טראָגען מיט מיין חאַצקעלען, זאָל געזונד זיין. איך געדענק דאָס ווי היינט. אַז מען האָט דעמאָלט געלאָזט אויסרופען אין אַלע שהלען, דער עולם זאָל געהן זעהן, ווי מען טרייבט דעם גלגול, און מעוברת'ע טאָרען נישט געהען קוקען...

—דו הערסט, מאַמע-לעבן?—האָב איך צו איהר זיך אָנגערופען,—דו הערסט, וואָס דער בעל-שם און בריינדיל זאָגען?

—עט, כ'לעבען, ישראליק!—ענטפערט זי עפיס אַהין לשון,—אָני-הערע, להבדיל, זענע עפיס אַנדערש, עט וואַהין דו פערקריכסט! עט, עט, ווי קען מען אַזעלכעס פערגלייכען? יענץ איז אין דער טומאה און דאָס איז אין דער קדושה, להבדיל.

—אמת, ציפע, ווי איך טראָג באָרד און פאות—האָט דער בעל-שם צוגעפאַסטעוועט דער מאַמען,—אַ גוטער הדרך, כ'לעבען, ציפע! אָט איז טאַקי דער אמת, באמונה!

—טו אַ שמשא ווי קאַנעטשע?—האָב איך אַ זאָג געטהון צו דער אַל-טער טי'ע, אַרויסזעהענדיג, אַז עס איז זיכער רעה, מען וועט מיך נישט הערען.

—זין מאַמע פראַווא,—האָט זי געענטפערט און געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ. עמאַ איהנע ווילא, פראַנצוזי אוה כאַמוערי!

* *
*

—עס מאַכט זיך אַ מאָל, אַ מענשען חלומ'ט זיך עפּיס, און אַז ער שטעהט אויף, איז פון דעם חלום קיין זכר נישט געבליבען. שפּע־טער אָבער, אַז ס'ניט איהם אַ קלאַפּ אין מח עפּיס ווי אַ אָפּקלאַנג פון דעם חלום, לאָזט עס איהם נישט רוהען, ביז וואַנען ער דער־מאָהנט זיך נישט אָן איהם אינגאַנצען. און דאָס איינענע האָט זיך גע־טראָפען מיט מיר אויך.

די עטליכע ווערטער, וואָס די מאַמע האָט מיר דערצעהלט אויפ'ן וואַגק, האָבען מיר געפּיקט אין קאָפּ, איך זאָל מיך דערנעהן די אי־בעריגע זאַכען, וואָס האָבען עפּיס געשוועבט פאַר מיר מטושטש, נישט לאַנגעדיג אַנצוהאַפּען זיך אין מח, און אַ צייט אַרום איז מיר אַלצדינג קלאָר געוואָרען.

אין דער מאַמעס קלייט האָט געדיינט אַ משרת נאָך פון בחור-וויי־זן, אַ צינד שוין אַ בעטאַגטער איד מיט אַ באָרד, אַ איד מיט אַלע נענג. און אַ משרת מיט אַלע פּאָכמעטקעס, געהייסען האָט ער סנדר'ל שלעג, אונזער סענדעריל. דעם סנדר'ן האָט דאָס שטאַרק געאַרט, וואָס איך בין אַראָב פון וועג, אָפּגעבענדיג זיך מיט נאַרישע זאַכען. און מיין גאַנצע אויפפיהרונג איז נישט לכבוד פאַר אונז געהויבענע משפחה, לויטער יחוס, ווי מיינע, און וואָס נאָך? ער האָט אין דעריבען געזעהן אויך אַ פחיתת הכבוד פאַר זיך אַליין, ווי דער שטייגער איז פון משרתים, וואָס נעהמען זיך איבער מיט דעם כבוד פון זייערע בעלי בתים, און ביי אויטליכער געלעגענהייט האָט ער זיך געזוכט מיך אַ שטאָך צו טאָן, נאָר דאָך מיט אַ מאָס. דאָסמאָל האָט איהם די מעשה מיט מיר אַ שרעק זוי אויפגעבראַכט אויף מיך.

—ס'טייטש,—האָט ער געזאָגט—ער האָל אונז אַזוי פערשוואַרצען דעם פּנים.

איינמאָל אַז מיר האָבען זיך צווערטעל און ער האָט געוואָלט בעווייזען מיר, ווי ווייט די אַפּיקורסות האָט מיך פערפיהרט, איז ער שוין אַרויס מיט דער שאַנצער שפּראַכע, געשטראָפט, דערצעהלענדיג מיר די מעשים מיינע מיט אַזעלכע ווערטער:

האָטש, ווי אַזוי ער קאָל פֿידערט אויסגעאַנצטן! אַבי מען בעקומט שוין דעם באָק, דעם קאָל׳שען צאַפּ, לאָזט מען אַדם אָב און קיינער קוקט זיך אויף אַדם מעהר נישט אַרום. וואָס טויג אַבער אַזאַ צאַפּ? ער נעהמט מיטמעטנס אין קלויז, דאָרט איז זיין מקום מנוחה, ער לעקט, זייט מיר מוחל, די ווענט, באַטרעט זיך אין שמות, שפּרינגט אויף אין די טערמי-נער מיט דער גאַנצער חבורה ציגען, חאַפּט זיך שטילערהייד אַריין צו אייפּליסען אין שטיבל; קוים קערט מען אַוועק די אויגען, שטעקט ער אַריין די מאָרדע אין אַ מעלטער, אין אַ קעסטעל, אָדער אין אַ פּושקע און מאַכט אַ שאָדען. נעהם-שוין, קאָל, און דיין צאַפּ פאַר דעם בער-דיל און מאַך אַזוי, אַז ער זאָל מעהר נישט שפּרינגען אין די גערטנער, מעהר נישט חאַפּען פון מעלטער, ניין! דאָס טויג נישט קיינער, איט-ליכער האָט מורא צו אַדם אַפילו זיך צוצורירען. מאַכט זיך אַ מאָל שטעהען איין עדה יודען און שמועסען פון תוך-וואָכען, דערזעהען זיי פון דער ווייטענס אַז דעם קאָל׳שען צאַפּ, הויבט די הויט אויף זיי אָן צו ציטערן און צולויפען זיך אין אַלע זייטען.

– חרפּות, בזיונות האָבען אונז אָנגעטהאָן מיט דיינע מעשים, אַ חלילה שעהנע לייט, כשר׳ע מענשען האָבט די געמאַכט פאַר בהמות! אַי-אַי-אַי!–לאָזט איהם סענדער׳ל, אַנהאַבענדיג זיך פאַר׳ן קאָפּ.–עס זאָל זיך עפּעסען אַ גרוב, וואָלטען מיר לעבעדיגערהייד אין איהר אַריין.

## דאָס זיעבעטע קאַפּיטעל.

# ישראליק וויל נאָך אַלץ ווערען אַ מענש.

פאַר דריי עבירות בין איך געשטראָפען שטאַרק געטראָפען און שטער-
בליך: דערפאַר וואָס איך בין אַ בחור העכער פון צוואַנציג יאָהר און נאָך
נישט קיין באַווייבטער; דערפאַר וואָס איך האָב פערטיגען דאָס לער-
נען, אַוועקוואַרפענדיג אינגאַנצען די גמרא, און דערפאַר וואָס איך בין
אַריינגעפאַלען מיט'ן גאַנצען קאָפּ אין די ביכלעך. די אידען און מיין שטעט-
טל האָבען מיך געהאַלטען פאַר אַ אפּיקורס, געקוקט אויף מיך קרום,
מיך אויסגעמיידט, נישט געוואָלט שטיהן און מיינע ד' אמות.

נעבעך וועה איז דאָס דעם עלענדען אין דער פרעמד, נעבעך, נאָר
וועה און ווינד איז נאָך פיעל מאָל מעהר יענעם, וואָס איז עלענד ביי
זיך אין דער היים. דאָרטען, אין דער פרעמד, קען דער עלענדער קיי-
נעם נישט, און קיינער קען איהם נישט. אַדרבה איז דאָס אַ האַרצוועה-
טאָג, אָבער קיין בזיון שמעקט דאָך נישט דערינען. ביי זיך אין דער
היים, צווישען איינענע, צו זיין פרעמד—אָט דאָס איז אַזאַ לאַגע, וואָס
דערינען ליעגט אַ האַרצווערטאָג, מיט בזיון אינאיינעם. דאָס ביטערע
געמיטה פון צוועלכען, נעבעך, קען פיהלען יעדער נאָר, וואָס צווישען
די פערביטענע אויף צו'אַסיפה, אָדער אויף אַ קאָרמעשעל, אַ שטיי-
נער. לאָזט מען איהם זיצען אַליין, קיינער קוקט זיך אויף איהם, בכיון
צי נישט בכיון, נישט צרוס. עפּעס מאַכט נאָר ווי אַ רואה ואינו נראה
איז ער, ער איטליכען זעהט, און איהם—קיינער נישט. וואָלט ער עפּיס
אַ וואָרט, הערט מען נישט, וואָס ער זאָגט, און זיינע ווערטער קומען
צוריק איהם מאַכען אין די אויערען צוריק, ענטפערט איהם יאָ אַמאָל איי-
נער מיט אַ האַלבען מויל, אַזוי אונטער נאָז, זעהט דאָס אויס, ווי ער
שענקט איהם אַ וואָרט, טראַכטענדיג ביי זיך: נאַ און גיעה דיך צו אַל-
די רוחות!

ווען איך זאָל ווי פֿריִער געוואוינט זיצן טאָג ווי נאַכט פֿאַרשפּאַרט בײַ מיר אין צימער איבער מײַנע ביכער, וואָלט איך אפֿשר די לאַנגע מײַנע, צו זײַן פּנים עולם פֿאַרדאָסט, נישט אַזוי שטאַרק געפֿילט, אַצינד אָבער, אַז צוליב דער שלאַפֿקײַט מײַנער, נישט-רוּגעראַכט בין איך געצוואונגען געוואָרן ווײַניקער צו לערנען און אַ מאָל טאַקי אויף אַ צײַט אינגאַנצן אַוועקלייגן דאָס לערנען, אָט דערמאָלט פֿלעג איך עס גוט פֿילן, ווי בײַטער מיר איז, פֿון אײגענע און פֿון פֿרעמדע אָפּגעריסן צו זײַן, נישט אַהין, נישט אַהער.

די מאַמע מײַנע האָט זיך שטאַרק געערגערט, וואָס מײַן אויפֿפֿירונג און מײַן נאַרצען בעשעדיגען זיך מײַנעם בין איך אַוועק אין אַ ווײַט פֿון אַלע אידען אין שטעטל. דאָך האָט זי זיך געהיט נישט צו זאָגען מיר אַ קרום וואָרט, כדי דערמיט נישט צו קרענקען דעם בן יחיד אירען, און דערפֿאַר איז די ליעבשאַפֿט מײַנע צו איהר פֿאַרגרעסערט געוואָרען נאָך מעהר, און ווען מיר איז נישט גוט געווען אויפֿ'ן האַרצען, פֿלעגט עס מיך ציהען, ציהען, אויסגיסען פֿאַר איהר מײַן ביטער געמיטה.

אוי, מאַמע, נישט גוט!—קלאָג איך מיך פֿאַר איהר אַ מאָל, אין אַ שווערער מינוט—נישט גוט אַ מענשען צו זײַן אַליין!

די מאַמע מײַנע טוהט זיך אַ חאַפּ, דערהערענדיג עס, מאַכענדיג צו מיר מיט אַ שײַנענדיג פּנים פֿאַר פֿרייד:

—האָסט מיך מחיה געווען, זונדעניו! שוין לאַנג האָט מען דער-פֿון גערעדט, מען זאָל געווען דערמאָנען משיח'ן, וואָלט ער געקומען איך זעה דערינען בעשײַנפּערליך דעם בעסטען סימן, אַז דאָס, וואָס איך האָב דיר אַצינד צו זאָגען, איז פֿון דעם אייבערשטען טאַקי. איך בין זיכער, אַז הײַנט וועסטו מיך שוין נישט אָפּזאָגען; דאָס מזל דײַנס זאָל דיר פֿון הײַנט אָן—אוי הלוואי רבונו של עולם—אָנהייבען צו שײַנען אַזוי ווי דער ליכטיגער מאָרגענשטערען. האָרכשע, מײַן זוהן! הײַנט האָט מען מיר פֿאָרגעלעגט אַ שידוך פֿאַר דיר, אָבער נאָר אַ מײַדעלע, אַ פּלדה—אַ גאָלד! אַ שײנע, אַ רײנע, אַ ליכט...

גענוג! גענוג—בעט איך דער מאַמען. זי אָבער הערט נישט אין שיט מיט שבחים טאַקי אַלץ ווײַטער.

—חשה מיר, מאַמע, וואָס דו האָסט מיך נאָך געבוירען, אַן אומ־גליקליכער, אַ פערדאַמטער זין פאַר אַ וועלט מענשען! ביטער איז מיר פון אייגענע, פון אידישע קינדער, און ביטער איז מיר פון „יענע", פון די נישט־אייגענע, די האַסען מיך דערפאַר, וואָס איך בין נישט אַזאַ ייד, ווי זיי ווילען, און ביי יענע בין איך ווי אַלע יידען אויף צרות אַ ייד. —פאַר דער האָזינער זינד, וואָס איך מיט מיינע עלטערען זענען מיט איהר אויף דער וועלט געקומען, וואָס מיר האָבען זי בירושה פון אברהם אבינו ע"ה, ווערען מיר בעשטראָפט מיט גרויסע צרות, מיט אונטערדרי־קונגען, גזרות רעות, יסורים, לייד, און כל המיני פורעניות. אַ נעטען אַזאַ אומגליק האָט איך עס פאַר דער פרימטער שולד, טאָן אַלע מיי־טעל, וואָס נאָר מעגליך. אַ מענש, וואָס מען נעהמט איהם אַרויס פון כלל מענשען; וואָס מען דערנידעריגט זיין מענשליכע ווערדע, נאָטס מרגה אין איהם; וואָס מען פאַקט איהם אַריין אין אַ ענג אָרט ווי אַ פויגעלע אין שטייג, נישט צוצורוהען זיך פון דאַנען אַהין, און ביי איהם איז עס־עט, גאָרנישט,—אָט אַזעלכען וואָלט פיעל גלייכער געוועזען, ער זאָל נאָר נישט געבוירען ווערען אויף דער וועלט. איך בין אַ מענש, מאַמע! איך לעב און וויל לעבען, עס גלוסט זיך מיר אַרויסגעהן פון דער ענגשאַפט און לעבען מיט לייטען גלייך אין גאַנצען גרויסער וועלט. טאָן וואָס נאָר מעגליך איז, אַז דאָס יודישקייט זאָל מיר נישט שאַדען, און די לאַגע מיינע צו פערבעסערן.

— אוי, וואָס רעדסטו, מיין זוהן! — שרייט די מאַמע אַ געשריי, בלייך ווערענדיג ווי די וואַנד, נאָר צום חלש'ען.

— בערוהיג זיך, מאַמינע! — נעהם איך זי איין מיט גוטע רייד — ישראל דיין זוהן איז ישראל, און ישראליק וועט ער פערבלייבען אויף אייביג. פערבעסערן די לאַגע מיינע מיין איך דורך בילדונג. דורך דעם וואָס איך וועל ענדיגען דעם אוניווערזיטעט, וועל איך בעקומען בעזונ־דערע זכיות, צווישען זיי אויך דעם זכות, אַרויס פון דער ענגשאַפט, פון דעם תחום און פריי זיך באַוועגען אויף דער גאַנצער וועלט.

— נו, מילא, ווילסט, אַ פנים, זוהן מיינער, צו דיינע מעשיות, טאָג ווי נאַכט שוויצען איבער דיינע ביכער! — זאָגט די מאַמע זאָרגענ־דיג זיך פאַר'ן געזונד פון מיין גוף און מער די רוהיגקייט פון מיין נשמה
— אוי, דיינע ביכער, דיינע ביכער! נאָר אויף לייד און אויף צרות יאָגען

ווײַ איזנו, ישׂראל! אַ פּראָסטע יונגע בין איך און איך פֿאַרשטײ כּלל נישט, וואָס איז דיר אויס די דאָזיגע וועלט, פֿון וועלכער דו רעדסט אַזוי אָפֿט, און צו וועלכער עס ציִט דיך אַזוי שטאַרק? ווײַן לע'ם דער מאַמען דײַנער, דאָכט, דאַנקען גאָט, בײַ כּמר אַלע בעדערפֿעניסען דײַנע, און פֿאַר וועמען האָרעווע איך און רײַס קריעה מײַן גאַנץ לעבן? מאַכ: נאָר פֿון דײַטשעווסקען ראָך, זהבֿעלע.

— ווײַן אַ לעדיגטשטוער און זיצען אויף דער מאַמעס קאַרק, אָך, ווי מיאוס דאָס איז! אַ דערוואַקסענער בחור ווי איך זאָל זיך האַלטען אין דער מאַמעס פֿאַרטוך, עסען און נאַרישט טאָן, — וואָלט גלײַכער געווען איהם, אידר, פֿאַר לײַטען, אַז ער זאָל גאָר נישט טראַכטען וועגען אויף דער וועלט. ניין, קיין בטלן וויל איך נישט זײַן, מענע בטלנים בײַ אידען חוץ מיר.

— איך בעט דיך, לעג אַוועק דײַנע ביכער, יענע ביכלעך דײַנע.. ישׂראל, און די דאָזיגע „פּראַווע" צו וואַרטען וואו מען טאָר נישט, פֿון וועלכער דו רעדסט, אָך, דערצו איז דאָ אַ מיטעל-געלד, אַ שײַן פֿון אַ בעל מלאכה.

— וואָס הייסט געלד?!

— אָך, מען בעצאָהלט פֿאַר אַ „קאָפּעצעפּטוואָ" פֿון וועלכער גילדע עס איז, און דאָס ניט דעם אידען דאָס רעכט צו זיצען דאָרט אין דער וועלט, צו וועלכער עס ציִט דיך אַזוי שטאַרק.

— אוי, וועה איז יענעם, וואָס אידם שטעהט בײַ דער זכות פֿון געלד און נישט זײַן אייגענער זכות, אַ רעכט, וואָס קומט דורך געלד, איז אַ שאַנדע אַ צוגלײַך דעם, וואָס ער ניט עס, אי פֿאַר יענעם, וואָס בעקומט עס. פֿע, איך וויל עס נישט, און מכּוח האָב איך בכלל פֿײַנט. איך האָב עס פֿײַנט צוליעב די סוחרים, וואָס דער גרעסטער טייל פֿון זיי, פֿון די טאַנדעטניקעס ביז קרעמער און באַנקירען, זענען אַלע פֿון לבן ארמוי'ס תּלמידים, און די סוחרים ווידער האָב איך פֿײַנט צוליעב דער קנאה, קאָנקורענץ, און די גרויסע פּלאַטערניש און דעם גאַנצען שטײַגער פֿון האַנדעל-וועלט, וואָס ווילעבדיג-ניט ווילענדיג ווירקט דאָס שלעכט אויף זיי. גענוג טאַנדעטניקעס, גענוג קרעמער זענען דאָ בײַ אידען חוץ מיר! און דאָס וואָס דו זאָגסט — אַ שײַן פֿון אַ בעל מלאכה,

— שטײַפֿט, מאַמע, ווי קומט צו מיר מלאכה? ניט איך קען זי, ניט איך ווייס זי.

— מלאכה איז ניט אַזוי נייטיג, — האָט מיר איבערגעריסען די מאַמע, — דער עיקר איז דער שײַן פֿון אַ בעל מלאכה, דו פֿערשטעהסט!...

אַ קרים מיט'ן מױל האָט געדינט פֿאַר אַ ענטפֿער אױף דער מאַמעס ווערטער, וואָס האָבען מיר נישט געשמעקט. דאָס אייגענטליך איז דאָ אַ היתר, אַז עס געהט אָן לעבען אַרײַן, אױסצוטאָן אַנאַנדער-הסברה, ווי צום בײַשפּיעל: אַן עירוב, מען זאָל מעגען טראָגען, אַן עיסקא, אױף צו נעהמען פּראָצענטען, וכדומה.

אַ האַלבע ווײַלע האָב איך געשוויגען, פֿאַרדרײַהענדיג די נאָז, דערנאָך בין איך אַרױס מיט דער שפּראַכע, קורץ און שאַרף: איך ווייס נישט מעהר ווי אַ דיפּלאָם פֿון אוניווערזיטעט און דעם דיפּלאָם מוז איך געהן צו בעקומען מיט מײַן אײגענעם כח. איך וועל נישט רוהען ביז איך וועל איהם האָבען. אײנמאָל פֿאַר אַלע מאָל, איך וויל לערנען!

— לערנען די תורה דײַנע, משוגענע-נעקאָמע! אַז דײַן תורה, אָט זי נעהמט דאָך בײַ דיר צו דעם גאַנצען כח דײַנעם. ישראל!...

— דאָס לערנען שוואַכט מעהר אָב דעם כח און מאַכט איהם אױס מענשען.

די מאַמע, וואָס זאָל זי טאָן, נעבעך, האָט מיר נאָכגעגעבען, נאָר מיט אַ תנאי, איך זאָל מיר בעשטימען אַ צײַט אױף לערנען, אַ צײַט אױף שפּאַצירען געהן, אױף שלאָפֿען, און נאָך אױף אַזעלכע זאַכען צום אָבהיטען דאָס געזונד. בײַ אַ געזונדטען קערפּער איז דאָ אַ געזונדטע נשמה.

בכן האָב איך אין אַ גוטער מזל'דיגער שעה צוריק זיך גענומען צו די ביכער, לערנענדיג גאַנצע נעכט מיט אַ סדר אַקוראַט ווי פֿריהער, ביז וואַנען עס איז בעקומען די צײַט פֿון די עקזאַמענס.

## דאָס אַכטע קאַפּיטעל.

# אַ מאַמעס האַרץ איז אַ נביא.

דאן אין שענעם פריהמאָרגען, ווּעסטע־צייט, איז פערמאָרגען צו מאַמעשער הויז אַ בויד, וואָס אין איהר האָב איך בעדאַרפט פאַרדרעהן קיין דיספּוטאַציע, אָבטאַרבייטען דאָרט מיין עקזאַמען. די מאַמע איז געוועזען ווער איצטעמיג, די אויגען האָבען איהר ניט געטריקענט פון טרעהרען, אַלין געוויינט און אויף מיר געקוקט, געקוקט און ווייטער געוויינט.

— ווייין ניט, מאַמע! — האָב איך זי געבעטען און אַליין מאַכ־ זיך אויך צוויינט. עס איז מיר עפּיס שרעקליך שווער געווען אויף דעם האַרצען, — וויין, כ'לעבען, ניט, מאַמעניו! איך פאַהר דאָך ניט צוועק, מאַט ווייסט וואוהין און אויף וואָס. איך מיין שוין דאָך אַיבער־ קומען דעם טאָג, האָב אַזוי פיעל געאַרבייט, אַזוי פיעל נעשראָיטשעט, נאָט וועט העלפען, איך וועל דערגרייכען מיין וואונש, איך וועל קענען פערדינען מיין ברויט בכבוד און זיין ליטשען גליין, — דענסטמאָל, מאַמעניו, וועסטו־דו פון מיר נחת האָבען, וויין, כ'לעבען, ניט, וויין ניט, מאַמעניו!

— אַך, ישׂראליק! — האָט זי געשטעשפּעט, — עס איז דיר גרינג אַזוי צו זאָגען. אַ מאַמעס האַרץ אַז עס וויינט, קען מען עס אַזוי גרינג ניט איינגעהאַלטען ווי אַ קינד. עס וויינט ניט אַבזיכט. עפּיס שפירט עס, עפּיס שמעקט עס אַהערכעס אָן, וואָס קיינער קען עס מיט דעם שכל ניט פאַרשטעהן. איך בעט דיך, ישׂראליק, מאַמער וואָלסט פאָרט אַ סברא געווען, די וואָלסט ניט פאָהרען! צו וואָס וואָלסטו־דו דיך אין די יאָהרען אַזוי, נעבעך, פּלאָגען? ווער ווייסט, אויב נאָך אַלע מיה וועט דיר שוין גוט זיין? אויב דיין פּלאָגען־זיך וועט דיר עפּיס העלפען? וויפיעל געבילדעטע מענשען געהען, ביי אונז יודען, אַרום שטיוועל, נעבעך! וויפיעל געלערענטע מענשען וועהרען פערפאַלען און קומען

האָב זייער פֿײַן לעבן! ישראליק, דער נאַצמער ענין פֿון די שקאָלעס
ווײַטערע און די תּורה וואָס מען לערנט — דאָס איז דאָך נאָר אַ נײַס,
אונזערע עלטערן האָבן דערפֿון אַפֿילו נישט געוואוסט. הלוואי וואָלט דאָס
נישט זײַן אויף צרות אונז און כּל ישׂראל, קינדער וואָלטן פֿון די עלטערן
נישט אָבגעריסן ווערן. איך בעט דיך, בלײַב אין דער היים! שווער
איז מיר, זייער שווער צו שיידן זיך מיט דיר.

דער בעל־עגלה איז אַרײַנגעקומען און שטיל, פֿאַרנומען אַלע מײַנע
זאַכן און האָט דערמיט איין עק געמאַכט פֿון מײַן שמועס מיט דער
מאַמען. מיר האָבן ביידע ווייענדיג זיך געקושט און געזעגנט, איך
האָב מיך אַרײַנגעשטופּט איבערוועגנדיג אין דער בויד און אַוועקגעפֿאָרן.

לאַכט אײַך, איהר הײַנטיגע איבערגעקלערטע, לאַכט אײַך פֿון וואָס
איהר ווילט, נאָר לאַכט נישט, איך בעט אײַך, דערפֿון, אַז אַ מאַמעס
האַרץ ווייטיגט נישט אומזיסט! כּל־זמן איהר שווײַגט און קענט מיר נישט
ענטפֿערן, וואָס איז אַזוינס לעבן? ווי אַזוי קענען ווערן בײַ אונז איבערוועגנדיג
אין די געדערן צו געבוירן און געמאַכט אַלע אונזערע געדאַנקען און
געפֿילען? ווי אַזוי עס שפּינען זיך, עס וועבן זיך אין אונז אויס וואונ־
דערליכע חלומות פֿון אַזאַ שטאָף, פֿון אַזאַ פֿאָדים, וואָס לעת־עתּה איז
ער נאָך אַפֿילו אויף דער וועלט נישטאָ און וועט ערשט אויסוואַקסן
שפּעטער?—כּל־זמן איהר שווײַגט און הייבט עס נישט אָן צו פֿאַרשטיין,
וועל איך אײַך, נישקשה, נישט לאָזן לאַכן דערפֿון, אַז אַ מענשענס
האַרץ פֿיהלט און טרעפֿט! איהר טראַכט בלויז, איהר האָט נישט דאָס
רעכט צו גלויבן, אָבער איך זאָג, אַז מײַן מאַמעס האַרץ האָט געוויינט
נישט אומזיסט!—דער עקזאַמען איז מיר נישט געראָטן.

עס שאַדט אָבער נישט צו וויסן, ווי אַזוי און וואָס מיר האָט נישט
געראָטן. דעם טאָג, וואָס איך האָב מיך בעדאַרפֿט עקזאַמענירן, בין
איך דווקא געווען בעראַרצט, און האָב נאָך, פֿון קידוש וועגן, אויך אויס־
געטרונקען אַ גלעזיל בראָנפֿן, דהגם איך טרינק קיינמאָל נישט? נישקשה,
האָב איך געטראַכט, גאָט וועט העלפֿן! וואָס האָב איך מיך אַזוי צו
שרעקן? איך האָב דאָך צוטאָן מיט געלערנטע, איידעלע מענשען,
מסתּמא וועלען זיי זיך פֿיהרן מיט מיר דעליקאַט, פֿײַן, אַזוי ווי געלער־
נטע בעדאַרפֿן צו טאָן, און דערמיט וועלען זיי מיר אונטערגעבן
שטאַרקייט. נאָר, אוי ווינד! קומענדיג צום עקזאַמען, האָב איך באַלד

פּראָבעלאָוען די נאָז, די לערערער זענען געזעסען אָנגעטאָן און מונדירען מיט מעשענע קנעפּ און געקוקט אויף מיך אזוי שטרענג, אזוי בייז, גלייך ווי איך האָב גע'גנבה'ט, אָדער געקוילעט אַ מענשען; זיי האָבען געקוקט אזוי ווי אין יענע צייטען אַ סטאַנאָוואָי, וואָס דאָס ערשטע ברוך־הבא איז ביי איהם געוועזען: „איסקודעווא? יא טעבי!... פּאַספּאָרט מאיעש?"... צו וואָס, דאַכט זיך, זאָלען לערערער, וואָס זייער עסק איז צו מאַכען פון אונז, פון אונזערע קינדער מענשען מיט שכל און מיט געפיהל, וואָס זייער עסק פאָדערט, זיי זאָלען זיין גוט, פּראָסט און צו איטליכען צוגעלאָזט, בכדי עס זאָלען פאַר זיי זיך עפענען די הערצער, און וועלכע זיי בעדאַרפען זייהען און פלאַנצען מדות טובות,—צו וואָס, דאַכט זיך, זאָלען זיי טראָגען מעשענע קנעפּ און קוקען שטרענג ווי קוואַרטאַלנעס? וואָס איהר ווילט זאָגט איך, עפּיס קען מען זיך נישט פאַרשטעלען סאָקראַטעס, פּלאַטאָן, אריסטאָטעלעס וכדומה און אזעלכע קנעפּלעך מיט אזעלכע זויערע מינעס און פינסטערע צורות... עס פאַרשטעהט זיך, אז פון זייער ברוך־הבא האָב איך באַלד פערלאָרען דעם קוראַזש און האָב שוין נישט געוואוסט, וואָס מיט מיר טהוט זיך. אויב דאָס טאַקי מיינט דער פסוק, האָבען די לערערער דערלאַנגט זייער וואונש, וואָס דערלאַנגען הייסט, מיין קאָפּ איז שוין געווען פערשלאָגען... באַלד דערויף האָט זיך געווענדעט צו מיר עפּיס אַ לערערער מיט אַזא מינע, ווי איינער רעדט: אויך מיר אַ מענש! איך בין עס דער גרויסער קאָפּ, דער אָפענער מח, איך פרעג! פאַרשטעהסט־דו? איך, איך פרעג, דרך־ארץ, אזוי; מיט אַזא מינע האָט ער צו מיר זיך געווענדעט און מיך מכבד געווען מיט אַ פסוק פון האַנען, פון דאָרטען, ביז מען איז אַרויף אויף אַ מעשה, אַקוראַט אויף דער באָבע יאַכנע! איך האָב מיך פאַרהערט, פערפּלאָנטערט, פערקראָכען קיין בויבעריק. די לערערער האָבען מיר אָנגעטאָן כבוד, מיר געשענקט אַ מעלעכסעריל, שוין מיט אַ פריהליכער מינע און דערמיט איז געוואָרען איין עק פון מיין עקזאַמען, איין עק פון מיין גאַנצער מיה, איין עק, אַ סוף פון אַלע מיינע האָפנונגען!

פאַר צרות האָב איך נישט געקענט איינזיצען אויף דער סטאַנציע און האָב מיך אַרומגעבלאָנקעט אין דער שטאָדט, אויסגעמאָסטען אַלע גאַסען און די הויכע שטיינערנע בערג. איך פלעג קומען אויף דער קוואַרטיר נאָר וואָס־ס'איז אָבצועסען און שלאָפען. עס רעדט זיך נאָר אזוי שלאָ-

טען! דער שלאָף האָט פון מיר זיך אינגאַנצען אָפּגעטאָן און איך פלעג צופּרעגעלען שרעקליכע נעכט, וואַרפענדיג זיך אויף מיין געלעגער פון איין זייט אויף דער אַנדערער! קוים האָב איך צוגעמאַכט איין אויג, זעגען פאַר מיר, ווי פון דער ערד אויסגעוואַקסען עפּיס ווילדע געשטאַלטען, גע-קוקט אויף מיך בייז מיט ווילדע מינעס—און עס האָט זיך אָנגעהויבען אַ שפּיל, די נאַטע שפּיל. ס'איז געגאַנגען אַ קאָמעדיע, און וועלכער איך פלעג זיין דאָס פּאַדראַתחתדריעל, קוקען ווי אַ האָן אין „בני-אדם“, וואָס פאַר מיר, נישט צווישען פון „בני-אדם“ די טייטש, וואָס „בני-אדם“ הייסט אוינס—און פּאַרגלען, עפּיס דרשה איך מיך, ירשה מיך אין דער ליכטיגען, געשטופּען אויף אַלע פיער, ווי מען שלאָגט מיט מיר כפּרות. איינמאָל האָב איך בשעת אַזאַ שפּיל, אַ קריעה געטאָן, עפּיס נישט מיט מיין קול און האָב פון קריעה זיך אַליין מאַכן דערשראָקען, אַזוי אַז איך בין נישט טויט, נישט לעבעדיג אַראָפּגעשפּרונגען האַסטיג פון מיין גע-לעגער און אַרויסגעלאָפען צוקאָפּט אין דרויסען. עס האָט מיר זיך גע-דאַכט, מען לויפט מיר נאָך אין איין קול: וואו איז ער שרייער?. האַלט איהם!... לויפענדיג אַזוי העמדום-פעמדום, און איין אָטעם, שלאָג איך מיך אָן פּלוצלינג אין עמיצען עפּיס אין דערפיזהל, ווי אַ קאַלטע האַנט האַלט מיך איינען פעסט. אַקשעגען מיר, גיב איך אַ פליק, שטעהט אַ אַל-טע באָבע, אַ הארע, אָהן אַ לויט פלייש, נאָר הויט און ביין, אויף דעם אָרט פון די אויגען זעגען צוויי טיפע לעכער, פאַרברעהמט מיט אַ שמוציג-געקנייטשטע הויט ווי יערכע, פון אַ מיתה-משונה-קאַליר, דאָס מויל אָפען ביז צו די אויערען, אָהן איין צאָהן, לעדיג, וויסט, נאָר וואָס דאָס צינגעל אינוועניג וואַרפט זיך, קריכט זיך צאַפּלענדיג ווי אַ וואָרעם אין זיין גרי-בעל. איהם'ן אָרם העגגט איהר אַ קויש מיט גרויסע לעבעדיגע ראַקעס, וואָס קריכען אונגעטלאָמפּערט איינע די אַנדערע אויף די קעפּ, כאַפּענדיג מיט די הערנער, ווי די צוואַנגען. זי קוקט מיך אָן שווייגענדיג, דאָס מויל ציטערט זיך איהר אויס נאָך ברייטער. דאַכט זיך, עס לאַכט, משמיענס-גע-זאָגט, אַ לאַכען, פון וועלכען עס לעגט זיך אויף דער נשמה אַ פינסטע-רער שאָטען מרה-שחורה און עס ווערט פערקיהלט אינוועניג אין בויך... עס קומט מיר איהם'ן געדאַנק די ב א ב ע י א ה א, דאָס אומגליק מיינס שוין עטליכע יאָהר, וואָס שטעהט מיר אין וועג און לאָזט מיך נישט אויפקומען. אַ קאַלטער שווייס טרעט מיר אויס'ן לייב אַרויס און עס

ווערט מיר איבעל נאר צום חלשען. איך טוה מיר אן א כח, גיב מיך א ריס פונ'ם ארט און לאז מיך לויפען ווי א דולער.

די מאמע יאדע האט אויף מיך אנגעמאכט אזא אימה, אז איך האב לויפענדיג מיך ארומגעקוקט אין אלע זייטען שטארק היטענדיג זיך, איך זאל זי ניט בעגעגענען. געהערט האב איך פון גאנץ לאנג, אז וואוינען וואוינט יאדע אין דניעפּראָווינץ, און האלט שטארק אין דער מודא אים. ליבען פון יענע מיט די לאנגע נעגעל. לאז איינער א זעלכער זיך איבער נאר א ווייז טאן, האפט זי אים ביי דער נאז, טראגט א פייף—קומען די טעטע לייט די מזיקים, רוחות. די שלעפט אים ביי דער נאז און יענע שטופען אונטער, ישבו בנים לעבולם, קומען די לאנג-נאגעלדיגע אין זייער רוח אריין. פון יענער צייט אן האב איך אנגעהויבען אלץ טאפען מיך ביי דער נאז, בעהאלטענדיג זי ווי ווייט מעגליך פאר עזים סכנות

## דאס ניינטע קאפּיטעל.

# ער האט זי ווידער דערטאפּט.

שפּאַצירענדיג איינמאָל אויף דער גאַס, דערזעה איך פון דער־ווייטענס, ווי פּאָליציי־ליים שלעפּען עפּעס אַ מין בהמה און שלאָגען עס טויט־שלעג. לויט מיין שולדיגקייט ווי איינער פון דער חברה „צער בעלי־חיים" בעדאַרף מען, האָב איך מיך באַלד געלאָזט געהן צו די פּאָ־ליציי־ליים, בעטען אויף איהר רחמים. אַז איך בין צוגעקומען נעהנטער און אַ קוק געטאָן, האָט מיך בעשלאָגען אַ קאַלטער שווייס, — דאָס איז זי מיט די ביינער — מיט דער קאָלטענעוואַטער פּאה, מיט דעם נעטעלע און מיט דעם קרומען צוקאַראַבאַטשעטען רוקען! דאָס איז זי, זי — מיין אַלטע, מיין הארטע, מיין ביטערע שקאַפּע!

— פאַר וואָס, — פרעג איך די פּאָליציי־ליים, — פאַר וואָס שלאָגט איהר אַזוי אַ לעבעדיגע בעשעפעניש, נעבעך?

— נישט דיין עסק, טראָג זיך ווייטער, זשידיאָנע!

— כ'בין אַ חברה־מאַן פון דער חברה „צער בעלי־חיים", — איהר פערשטעהט?

— מיר פיהרען זי אין פּאָליציי, — ענטפערען די פּאָליציי־ליים מיט אַ האַלבען מויל.

— פאַר וואָס קומט נאָך שלאָגען?

— אָהן אַ קלאַפּ האָט דאָס פיהרען עפּעס קיין פּנים נישט, אַזוי ווי אַ חתונה אָהן כלי־זמר, — ענטפערען זיי מיט שפּאָט!

— עס איז דאָך אָבער אַ צער בעלי־חיים, טוט איהר רעדען נישט וועגן, צו מען שלאָגט זי? ס'טייטש, איהר שלאָגט דאָך אַ נפש, אַ מענש־ליכען נפש! —

— וואַ־אַ־אַ־אַס!? — רופען זיך אָן די פּאָליציי־ליים אויסשטעלענדיג אויף מיר אַ בייזען פּנים און בעקוקען מיך מיט די אויגען.

איך האָב געהאַלטען וואָרט אין, נישט לאַנג געטראַכט, לאָז איך מיך מיט דער שקאַפּע אין וועג אַריין.

שטעלט אייך פאָר מיין לאַגע אויף דעם וועג, ערשטענס גיבערדיג מיט שפּיצער און מיט רעטעשער, נעה איך, שלימזל, צווישען מיט אַ קליאַמשטשע! איך פּלאָג מיך, צעהייס אויבער די קרעמפּלען, נעה פאָראויס און די קיום וואָס זי שלעפּט זיך, קיום וואָס זי הייבט אַ פוס, דאָס איז נאָך גוט, צווישען פערשטרויכעלט זי זיך, שטעלט זיך אַנידער, וואַרפט האָק זי אין בראָק—נישט פון דעם אָרט! זי נעדערט זיך נאָר אַראָב פון דעם וועג און וויל פערקריכען ערגיץ אין אַ בלאָטע. וואָס טוט מען מיט איהר? וואָס פאַר אַ עצה גיט מען זיך דאָ? איך נעהם זי אין ביי דער משאָפּוינע און שלעפּ זי מיט געשאַלר. איך ווער אָבער מיד זי שלעפּענ-דיג און נעה אָב מיט שחיית, עס רייסט מיר אויס דאָס האַרץ זי צו שלאָ-גען, אַ רחמנות, עס מוז איהר וועה טאָן! שלעכטס, ווערד אַ שלעכטער עסק! איך שטעל מיך אַנידער מיט פערלעשטע הענד, שטאַרק אָנגע-ברוגז'ט אויף איהר און בטל חלומות:

—פע כ'לעבען!—האָב איך אָנגערעדעלט, עפּעס ווי מלאָכים אַזוי אין דער וועלט אַריין,—איך האָב מיך נישט געריכטעט, כ'לעבען, די זאָל מיר אַנטלאָן אַזוי פיעל צרות, אַזוי פיעל לייד פאַר מיין פריינדשאַפט, פאַר מיין גוטסקייט! איך קריג מיך דאָ פאַר איהר אַזוי, הערגעסער מיך און נעהם מיך פאַר איהר אָן; איך פערזאָרג פאַר איהר אַ גוט וואָרט, בעט זי וויעס-איז אָב, מען זאָל זי אַזוי מיאוס נישט פערדאַרבען; איך נעה צוליעב איהר צווישען ווי אַ בעטעלער, כבוד שוין אין אַ זייט, לעג אַנידער מיין געוויכט און פייניג מיך דאָ אַזוי,—וואָס איז? בכדי זי זאָל זיך צו-שלאָ-גען צו עפּיס בעסערס, אויסבאַהאַלטען, צו ערהויבען פריי—און זי מאַכט מיר אַ פערבלימטע לעבער, טרוגט מיר אין דרעק מאָל אַריין, ווי דער ערגסטער שונא! אדרבה, איך פרעג, איז דאָס רעכט, איז דאָס שעהן?—נו, כ'לעב-בען! איך מאַך ביי מיר געבענטע פּלענער און טראַכט ווער פיעל העלפען איהר, אַליין וועגען איהר, וועגען איהר — און זי צושלאָגט מיר אַלע מיינע געדאַנקען מיט איהר אויסגעטעשער אויספירונג. איך זאָג איהר: געה!—שטעלט זי זיך אָב פון הינטען; איך שריי: געה מיט דעם וועג!—קריכט זי אין בלאָטע, איך אדרבה ואדרבה—און זי אַליין קיידער-ווידער, אַליין קאַפּויער! אדרבה, איז דאָס רעכט, איז דאָס שעהן? נו! נאָר

## דאָס צעהנטע קאַפּיטעל.

# וואָס מיט ישראליקן האָט זיך פּאַסירט די נאַכט.

---

אונטער אַ הויכען, אַ גרויסען בוים האָבען מיר ביידע זיך געזעצט, אַ וואָרף שטאַרק מיד און אָבגעשוואַכט פון אַזאַ ביטערער רייזע, נישט פאַר אייך געדאַכט! עס האָט גיטאָן אַ בליץ, גלייך ווי דער הימעל האָט זיך געשפּאַלטען און אָבגעטוקט די וועלט מיט פייער. באַלד דערויף האָט אַ הילך געגעבען אַ דונער און זיך אָבגעריסען אַרום און אַרום מיט שרעקליכע קולות ווי פון טויזענד האַרמאַטען. עס האָט זיך אויפגעהויבען אַ שטורעמווינט, ער האָט משונה געטובעט, געזויזעט, געוויילט ווי דוי-זענטע וועלף, גלייך ווי עס האָבען דאָרט מיט זיך איינגעראַנגלען הונדערט מכשפים. דער אויסגעלאָשענער וואַלד האָט זיך אויפגעכאַפּט שטאַרק דערשראָקען. עס האָט זיך אויפגעכאַפּט איטליכס גרעזעלע, איטליכס צווייגעלע, איטליכס בלעטעלע, אַלע האָבען געקרעכצט, געפּילדערט, געפלוי-דערט אויף אַלערליי קולות און פערמישטע לשונות. פּאַפּוגעס, וואָראָ-נעס און סאָוועס מיט ווייער נאַכט פעגעל האָבען אויך צוגעקרעכצט, צוגע-פּישטעלט אַ וויינענדיגס. יעדער בעזונדער האָט געקרעכצט, געזיפצט, געשריגען, אייניגער דעם אַנדערען איבערגעשריגען, ביז אַ שלאַקסרעגען האָט מיט אַ מאָל איבערגעפּלייצט די וועלט.

שרעקליך איז אַ נאַכט אין וואַלד, שרעקליך, שרעקליך!....

איך שפּאַר מיך צו, איינגעדרוקט און צוגעטוליעט צום בוים. דער רעגען וואַשט מיך אַ שרעק, עס קוועטשט מיר דאָס האַרץ, און צווישען די דונערען קלינגען מיר אין די אויערען [illegible] ווערטער אין תהלים:

ותגעש ותרעש הארץ ומוסדי הרים ירגזו...

עס וויגט די ערד זיך, שטורעמט אומעטן,
עס ציטערן פון בעטן די גרונטען —
קיקאַ-ריקו! אַט וואַלגען זיי זיך אײַן,
ווי באַלד ער קומט אין כעס אַרײַן.
פונ'ם נאָז איהם וועקט אַרויס אַ רויך,
אַ פײַער פלאַמט פונ'ם מויל בײַ איהם
און גלידיגע קוילען פליהען הויך,
עס ברענט, עס שרפה'ט אומעטום!
ער נעמט דעם הימעל, נעמט אַרונטער,
אַ וואָלקען שפּאַרט די פיס איהם אונטער.
ער רײַט אויפ'ן כרוב, ער פליהט געשווינד
און שוועבט אויפ'ן פליגעל פון דעם ווינד.

אָט איז ער, נאָט! אָט זעה איך איהם באַלד פאָהרען דאָרט, דאָרט צווישען די פּאָזיציע חמאַרעס!—אַ שטיק שוואַרץ-געדיכטער וואָלקען, הענגט-לעבדיג בײַ די קאַנטען, טראָגט זיך דאָרט אויבען אין דער געשטאַלט פון אַ מורא'דיג גרויס פערד, מיט אַ קלאָר-ווײַסער גריווע אויף דעם טונ־קעל-שוואַרצען האַלז. פון די נאָזלעכער, פונ'ם מויל פליהען איהם בליצלען פײַערדיגע בליצען, מיט אַ ציק הין-און-הער... דאָס איז ער —דער כרוב, אויף וועלכען ער רײַט ריזענדיג אַ שרעקליך גרויסער העלד, אַ גבור, אין אַ פײַער-קלייד, מיט לאַנגע גרוי-גרויע לאָקען און מיט אַ לאַנגער גרוי-ווײַסער באָרד, רײַן, ווײַס ווי זילבער נאָך איהם ציהט זיך אַ לאַנגע מחנה ריזען, עוג מלך הבשן'ס, גוג-מגוג, מיט אַלער־ליי חיות, וועלכע איהר זעהט. אַלע מיט ערנסטע פּנימער, אַלע עפּיס פערטראַכט, אַלע אײַלען, יאָגען זיך פלינק, דער גוטער יאָהר ווייסט וואָהין — און לאָזען נאָך זיך איבער אויפ'ן הימעל אַ בלויען, לויטערן שטרײַף. די לבנה שטעקט פון צווישען די וואָלקען אַרויס אַ שטיק קעפּיל און קוקט זיי נאָך פערוואונדערט מיט אַנגסט, ווי אַ אין עלסטער בשעת עס פאַרדעט דורך און זעהט אַרויס אַ געשפּיגעל פּרצוף פון איהם... די בוימער בייגען צו די קעפּ, בוקען זיך מיט גרויס דרך-ארץ, האַלטען אַ פּנים ווי די עבֿדי-עבֿודה-זרה, שאַ-שטיל! און פונ'ם גרינעם בלעטער-מאַנטעל

קאַפּעט ווי טראָפּנס וואַסער, קאַפּ, קאַפּ אויף דער ערד, קאַפּ, קאַפּ מיר אויפ'ן קאָפּ.

אַ, הייליגער גאָט! לאָז איך אַרויס אַ געשריי און פאַל כורעים אויפ'ן פיכטענעם נאַסן גראָז.—

אַ ווילד־משונה קול עפּעס, ווי אַ הילכן פון אַ חמור, אַ מיאַוקען פון אַ קאַץ און אַ ברומען פון אַ בער, לאָזט זיך פּלוצלינג הערן פון ערגעץ, אָנגעוואָרפענערהייט אויף מיך אַ אימה, אַז איך בין פערציטערט געוואָרען און אַ שטעקל געשטאַנען זיך אויף די פיס. שווער צו זאָגן: צי די קולות זענען פון פיעל פערשיעדענע חיות, צי אפשר איז דאָס איין חיה, וואָס שרייט אויף פערשיעדענע קולות. נאָך אַ ווייל־ע—און אַ געוויש פון טריט לאָזט זיך הערן פון ווייטנס, ווי איינער גייט און וואַלד איבער טרוקענע בלעטלעך און צעבראָכענע צווייגלעך. איידער נאָך איך האָב צייט געהאַט באַטראַכטן זיך מיט אַ שטיק האָלץ, וואָס וואַלגערט זיך דאָרט אויף דער ערד, טרעט אַ בלישטש אויף מיך פון דער טונקעלהייט אַרויס אַ פּאָר אויגן, ווי די לאַמטערנעס, און גלייך טאַקי טרעט זיך אַ ווייז אַ קאָפּ, אַ אָפען מויל, אַ רויטע צונג, שאַרפע שפּיציגע שניי־ווייסע ציין, באַלד דערויף אַ גאַנצער טיף, און פוין—אַ גרויסער וואָלף פאַר מיר, אַ שרעק אָנצוקוקן אידם, אַ ברום—אַ שפּרונג—און איך בין אין די לאַפּעס! איך בין געשווינד ווי אַ מויז צאַפּלענדיג זיך אָהן אַ נשמה ביי דער קאַץ צווישן די נעגעל. די טויט־שרעק, וואָס זענען מיך באַפאַלן די ערשטע ווילע ביים ליגען אין וואָלפס קלויען, זענען באַלד פערשוואונגען און איך האָב געפּדגלט עפּעס אַ מין טעם גן עדן, וואָס צדיקים פילען עס ביי דער פטירה ווייטער. איך זעה מיך ליגענדיג בשלום על משכבי, אויף מיין געלעגער אונטער אַ חופה פון פורפורוואַל, געבונדען מיט שטריק פון ליינען די הענד און די פיס; אַ גרויסער פּענבער אַ אָנגעפּדגלטער מיט אייז זיצט ווי אַ קרוין מיט קריסטאַל מיר אויפ'ן קאָפּ, און משרתים אין די ווייסע בגדי כהונה באַדינען מיך מיט'ן גאַנצן כח; מען וואַשט מיך אָריין אין אַ באַטיל פון מירמעלשטיין און מען לאָזט אויף מיך אַ שטראָם עפּעס פון אַ מין וואַסער אַ וואָלכעם. די מאַמע מיינע שטעלט לעכט מיר אין מיין מחיצה, דער בעל שם און די אַלטע מויטע, להבדיל, אויך ווי דאָרט, עס שיינען ווי די פּנימ'ער, די אויגן [illegible] ווי טרערן פאַר פרייד, צוזעהענדיג דעם כבוד, וואָס מען [illegible]

גאָר; איך קוועל און קוקעריקע אויף ווי אַ האָן, קוועלנדיק און קוקעריקנדיק אויף מיך. נאָר אַ אָנקוועלן אָבער אָן אַ אויפֿהער, אַ שטענדיקע פֿרייד מיט אַ שײַנענדיק פּנים'ל אָדער אַ עק איז מיר געוואָרן דערווידער. — פֿע, נאָר צום ברעכן, גלײַך ווי אַ מאכל פֿון האָניק, צוקער מיט לאַקריץ איבעראײנעם. אַ וועלכער וואָס האַלט שטענדיק אין איין הנאה האָבן איז, דאַכט זיך, אַזאַ שוטה, וואָס קען דערקענען פֿון אדם איז שוין נאָר נישט דאָ. אויך די קרוין איז מיר געוואָרן לשבֿת אויס'ן קאָפּ. ווער איך אין כּעס, מאַך צו די אויגן, כּדי נישט אָנצוקוקן די שײַנעדיקע פּנים'לעך מיט דעם שטענדיקן הנאה האָבן. און ערשט שפּעט אין דער נאַכט האָב איך געכאַפּט אַ דרעמל. אײַנגעדרעמלט בין איך געוואָרן אויפֿן און אויפֿגעוואַכט האָב איך זיך שוין דאָרטן, ערגעץ אין אַ וואַל־דעל, עפּעס געפֿונען אַ הײַל, באַדעקט מיט גרויסע צווײַגן נעבן פֿון אַלטע בוימער. נישט ווײַטענדיק, ווי איך בין אַרויף אַהין, נישט ווי איך בין אַרויף אַהער, קוק איך מיך אַרום פֿון צווישן די צווײַגן און זע, עפּעס אַ פֿרײַען פּלאַץ, און דאָרט מיט אַ טײַך, און וועלכן עס שטעקט אַ מע־סער אין בלישטשעט אַ שײַנער לבֿנה, אַ וואָלף לויפֿט שפּרינגענדיק הין און הער, און באַלד האָב איך אדם דערקענט — דאָס איז יענער, וואָס האָט פֿריער מיך געכאַפּט. ער לויפֿט און קומט נאָענט צו צום טײַך, באַטראַכט אדם שטיל פֿאַרוואָגנדיק און לויפֿט ווידער אַוועק, גלײַך ווי ער פֿאַרטראַכט זיך שפּרינגען. און צום סוף איז ער געבליבן שטיין, מעסט אויס די ווײַטקייט צווישן אדם און צווישן דעם טײַך, נעמט און ווינקט לעבעדיק, טוט זיך אַ שפּרונג אַהין, און שפּרינגט אַריבער, איבער דעם מעסער, אויף יענער זײַט און דאָרטן איז ער געפֿאַלן מיט אַ קלאַפּ, אויסגעצויגן זיך ווי גרויס ער איז אויף דער ערד.

— ברוך דיין אמת! האָב איך געזאָגט מיט פֿרייד — נע'פֿגר'ט דער וואָלף!

שפּעטער איך אויף און קוק, מאַך דעם בר־מינן זײַן רעכט — אָב־שנײַדן אדם די הויט. פּלוצעם איז דער ליאַדר האָרט ליגט נאָר אים. געפֿונען עפּעס ווי אַ מענטש אַ געשטאַלט, אַ הויכער, מיט אַ געקרימטן קאָרק, אַ גרויסן באָרד, מיט אַ מישאָפּענע, אַ נאָז — נאָר אַ קרומע ווײַט פֿאַרשטעקט אין פּנים צווישן די אויגן, אַ קאָפּ ווי אַ לאַדערנע, און ווײַט אויס ווי אַ שבֿר כּלים אויסגעטאָן זיך. דערזעענדיק האָב

האָב איך מיך דערמאָנט אין דעם, וואָס חכמים געלערנטע זאָגן אין זייערע ביכער, איבער וועלפֿפילאָסאָפֿען — דאָס זענען מכשפים און מכשפות, וואָס פֿערוואַנדלען זיך אין וועלף און נעמען צוריק אָן דער־נאָך אַ מענשליך פּנים. פּונקט אַזוי ווי דער דאָזיגער האָט אַצינד דאָ געטאָן. און ניט נאָר פֿאַר וועלף אַליין קענען מענשען זיך פֿערוואַנדלען, נאָר זיי פֿערוואַנדלען זיך אויך פֿאַר הינט און פֿאַר אַנדערע חיות רעות און מזיקים און פֿאַר מיני מאוסה'ע שקצים אַוודאי. איך רייב אָן די הענט מיינע אין טראָג, ווי דער דין איז, און ציה נאָר אַראָפּ דאָס היטעל איפּ'ן קאָפּ, און מאַך אַ ברכה מיט גרויס כוונה:

„ברוך שנתן מחכמתו לבשר ודם"!

יענער בן אדם זעהט, ווי איך שעפּטשע שטיל מיט אַ פֿערקרימט פּנים'ל, און מיט אויגעלעך פֿערגלאָצטע צום הימעל, האָט ער אַ קוק געטאָן אויף מיך מיט רציחה, ער האָט געמיינט, אַז דאָס וויל איך אים עפּעס אָפּטאָן מיט אַ שפּרוך, און ווײַבאַלד איך האָב אים דערצעהלט, ווי דער אמת איז, און האָב אים נאָך אַריין געריהמט אונזערע וואויל־געלערנטע, אַז זיי ווייסען די קונץ, ווי מען פֿאַרשטעלט זיך, ווייסען אַלצדינג, שרייבען איבער אַלצדינג און רעדען איבער אַלצדינג, האָט אים אָפּגעלאָזען דער כעס. אַז איך האָב געזעהן, דאָס ער איז שוין נישט משוגע אין כעס, ער קוקט אויף מיך און שווייגט, האָב איך אים אַריינגערוקט אַ דאַנק און געפֿרעגט, ווי ער הייסט.

— איך הייס קאַשטשיי — ענטפֿערט ער מיר אונטער דער נאָז, אויפֿשטעהענדיג פֿון דר'ערד, גלעטנדיג אויס די ביינער, אַ שאָקעל געבענ־דיג מיט דער טשאָפּרינע.

— אוי, קאַשטשיי! — מאַך איך שמאַרק פֿערוואונדערט מיט אַ שרעקענדיג האַרץ, בוקענדיג זיך פֿאַר אים מיט אַ הניפֿה'לע, כדי אים צו געפֿעלען, — אַז וואויל איז דעם, וואָס זעהט אַזאַ מענשען ווי דו, וואָס מיט אים קלינגט די וועלט. אפֿילו אַ מינדסט קינד קען אים שוין.

קאַשטשיי שאָקעלט צו מיר מיט'ן קאָפּ, אַ בעווייז אַז ער איז זעהר צופֿרידען, און איך מיה מיך נישט און זאָג אים אָב אַלע שבחים זיינע אין די אויגען, אַזוי ווי ס'שטעהט איבער אים געשריבען, און דערווייל טאַקי מאַך איך צו בלאָזען די באַבע יאַגאַ, מיט אַנדערע מיט אַלע חכמים און שטערנזעהער, וואָס זיי קומען נישט צו זיין קנעכיל און דאָ־

פֿרײַנצײַהענדיג מיך אויך אַהין און מיר בײדע טאַנצען אין קאָן. ער טאַנצט מעשה קאָזאַק, צו־ועצעטריג זיך אויף די פּיסלעך, און איך העצקע מיך, דרעה מיך, שטעפּענדיג אויף איין אָרט. ער זינגט אונטער „קראַסנאַיאַ דיעווּשקאַ" און איך זינג מיר „מה יפית" מיט אַ בויג, מיט אַ דרעהליע. ס'איז אַ נעווינטערײַ, אַ שפּילערײַ, אַ טאַנצערײַ, טעניקלעך פֿערדרײַסען זיך שוועבענדיג אין דער לופֿטען, ווי ווילבערנע דרעהוועלען, און אַרום און פּיס ווי די מאַרמאָרנע ווײַלען בלישטשען, שײַנען פֿאַר די אויגען. די קולות פֿערשטאַרקען זיך, דער עולם טאַנצט און איך שאָקעל מיך שטאַרק בגילופֿין, טרו אַ מאָל פֿערדולט, ווײס נישט אויף וואָסער וועלט איך בין.

אויפֿוואַכענדיג זיך אויף מאָרגען פֿריה מיט'ן פֿגיין האָב איך מיך געפֿונען ליגענדיג אונטער אַ בוים, טאַקי אויף דעם אײגענעם אָרט, וואָס איך בין פֿריהער דאָרט געפּאַלען, דער קאָפּ איז מיר געווען שווער, אויס'ן האַרצען נישט גוט און דאָרשט צובראָכען.

## דאס עלפטע קאפיטעל.

# ישראליק בעקלערט די וועלט.

---

אַ פֿרישׁ געשמאַק ווינטעלע האָט פֿאַמעליך געבלאָזען און פֿון די וואָלקענס, מע'ם שטורם איז נישט געווען אַפֿילו קיין זכר. דער אָבענד־טונקעלער, אײַנגעצוואָגענער וואַלד איז געשטאַנען ווי אַ חתן־בחור אָנגע־טאָן אין אַ נײַער, גרינער זופּיצע, געמאַכט ערשט איצט אין פֿריהלינג, און עקשײַנט, געגלויסטען ווי דער ליכטיגער מאָרגענשטערן, וואָס האָט, ליפעגדיג פּאָראויס, געבראַכט די פֿריילאַכע בשׂורה, אַז באַלד קומט צופֿאָרען די זון — די טײַערע, גילדענע מחותּנת'טע און די חתונה וועט זיך אָנהייבען! אַלצדינג אַרום־און־אַרום האָט געגלויסטען, געפֿינקעלט. אַלצ־דינג האָט עפּעס ווי זיך צוגעגרייט. די פֿרישטע נישט לאַנג וויסטע שׂמח־ציגע ערד האָט אויסגעזעהען איצט נאָר אַ כּלה, מאַקי מיט דעם גאַנצען פּוץ, מיט דעם חן, מיט שעינע פּיקעטקען און קרענצלעך שמעקעדיגע בלו־מען, אומעטום האָט אויסגעזעהען ווי יום־טוב'דיג און אומעטום האָט געשמעקט געווירץ, זיסע, ליבע ריחות פֿון בשׂמים. — שיין איז דער טאַ־ג אויף מאַי וועסנע־צײַט אין וואַלד, שיין, ווער שיין!

דער בערימטער כּלי־זמר, דער באָלאַגוי שמעטשט זיך דאָרט ערגיץ אין אַ ווינקעל און שפּילט אַ וואַוואַ לכבוד יום־טוב. און איז'ם זיסען שטילער זײַנעם הערט זיך עפּעס ווי אַ ווײַנענדיגס, אַ ציטערנען־זיך טיעף פֿון'ם האַרץ און שפּיצער, אין אַ נעבעט, עפּיס נאָך טאַקע אַ „אל מלא רחמים", וואָס די כּלי־זמר שפּילען חתן־כּלה, יתומים, נעבעך, אויף דער חתונה בײַם באַדעקענס!

זיסער, ליעבער, באַלאָגוי מײַסטער! וואָס איז דיר אַזוינס, וואָס דו פּיסט אַזוי פֿערזאָמערט? פֿאַר וואָס אין אַ פֿריילעכס אַפֿילו, אַז דו שפּילסט, וואַרפֿסטו אַרײַן אַ ביסערען טראָפּען פֿון מרה־שחורה? פֿאַר־וואָס אין דעם ים פֿון שטילער רײַנער ליעבען־רוישען הוואַליעס ביטע־

רע טרעהרען? ס'טייטש! ס'איז דאָך אַצינד פֿאַר דיר אַ לעבען, ביסט דאָך איצט אַ בעל־שמחה! דאָס ווייבעלע דייִנס האָט ווי אַ בעל־הבית'טע צערעכט געמאַכט דאָס הייזעל, צוגעבּרייט אַ ווייך־פֿריש געלעגער און ליגט לכּבוד אַצינד אין קימפּעט. אַרום און אַרום שמעקט מיט ווּמסער. דער וואַלד איז אָנגעטאָן אין דיזן יום־טובֿ'דיגען גרינעם קאַפּאָטע, די ערד אין דער נייער חתונה־קלייד קוקט־אַרויס ווי אַ כּלה האָפֿען הייסע־וואַרעמע קושען פֿונ'ם חתן—און אָט אַצינד, אין אַזאַ צייט גראָד, קומט דיר אויס צו שפּילען אַ פֿרעהליכס מיט אַ וויינענדיגס אינאיינעם!

אוי, איך פֿיהל דיין האַרץ, ליבער, טייערער סאָלאָוויי מיינער! דאָס האַרץ פֿון אַ בּריה אַ פּאָעט פֿיהלט דעם צער פֿון דער וועלט, וואָס איהר פֿעהלט, נעבעך, וואָס איהר גייט אָב—און דאָס וואָס ער פֿיהלט, אָט דאָס שפּילט ער, דאָס דערמאָנט ער תּמיד אין פֿריידען, אויף שׂמחות. דו שפּילסט, אַ שטייגער, דיין ליבהאַרציגע ווייזע אַ „מזל טוב" לעבעדיג, קאָקעטענדיג, און אין מיטען קנאַק הערט זיך עפּעס אַ זיפֿץ, אַ נאָכקלאַנג פֿון אַ שרעקליכען ווינטער בשעת וואָלגערענדיג זיך מיט דיר אין גלות ערגיץ אין אַ פֿרעמד לאַנד! דו שפּילסט דעם וואַלד, וואָס שיינט אין דעם נייעם גריניעם קאַפּעלושל ווינטער אויף'ן קאָפּ, און אינ'ם ליבליכען צווינטשעווען איהם פֿיהלט זיך עפּיס אַ וויינענדיגע שטימע, אַ הספּד אויף די פֿאַראַיאָהריגע בלעטלעך ווייגע, וואָס פֿילען וואַלגערען זיך, נעבעך, און שטויב איהם צו די פֿיס. און אונזער ערד, דער אויסגעפּוצטער כּלה מיט פֿרישע בלומען, בּיסט־דו מזכּיר נשמות מיט אַ טרויער אויף איהרע קינדערלעך, וואָס זי האָט זיי אין בעגראָבען אַלע יאָהר. בּיסט מיר ליעב, דו וועלט־בעריהמטער זינגער, דו סאָלאָוויי מיינער! אָט דאָס טרויעריגע שטיקעל אין דיין זינגען שטימער—אָט דאָס מאַכט רוהרט מיך בעסטע פֿון אַלע דייניגע ליעדער. דען אויף צרות, אין טרויער האָט דאָך די מאַמע מיך געשפּייזט, אין טרויער האָט זי מיך פֿערוויגט, און דאָס ליעד פֿון צרות, פֿון לייד, מיט וועלכס זי האָט מיך פֿאַרשלעפֿערט, איז מיר געבליבען דאָס ליעד, אויף אויגען, אויף דעם גאַנצען לעבען! וואָס נעהמער איך שלימ־מזל'דיגער מיך אָן מיט פֿרעהליכע? וואָס פֿאַר אַ נחת בין איך עלענדער מיט דיין גאַנצען יום־טובֿ'דיגען עולם—מיט דעם וואַלד דעם שענעם, מיט דער פֿרישער בליהענדער נאַטור דאָ? דער וועלטס פֿריהד איז ניט אויף מיר געמאַכט געוואָרען. צו ליעב לעבען און נחת, איז אויף מיר אויס־

גענומען אַ צאָרן. אַז ביי זיי אין נאַם איז אַ שמחה, איז אין מיין נעסיל אַ געשוואַלד—בלוט, שרפות, פלאַם-פייער און רויך. אַז גרימוואַרג ווייזט זיך אין לאַנד און שפיל פיינעלעך לאָזען זיך הערען, גערט ביי מיר אַ סדרה תעניתים, יאָמער און קלאָג. שפיל, סאָלאָוויישיקעל, שפיל! שפיל אַ ריהרינדעריגס, אַ וויינענדיגס, עס זאָל רייסען, צאַפּען ביי דער נשמה!

דער סאָלאָוויי שפילט, קלאָגט, ווין נתגדיל ריהרט מיר אויף און האַרצען פערבאָרגענע סטרונעס. זיי ברומען, שרייען, רעדען ווערטער, און עס קומען מיר צרות אויפ'ן געדאַנק עלטע און נייע, ניט קיין פרעה-ליכע זאַכען.

עס לאָזט זיך מיר הערען אַ זיפצען פון אַ מערוויסטער נשמה—און אַ טרויעריג בילד, גלייך ווי עס לעבט, טרעט מיר אַרויס פאַר די אויגען.

ס'איז ווינטער. וואָלקענס. ווינט און שניי. אַ מרה-שחורה'דיגער טאָג. אונטערן טיש אויפ'ן לייסט, וואָס צווישען די פּיסלעך, זיצט אַ „ציבעג-טשקע", אונטער רוהן. זיצט עלענד, אַליין פאַר זיך, דאָס קעפּיל פאַר-לענגט אונטער'ן פליגעל. ציטערענדיג הויכט זיך, זי שלאָפט, טרוט זיך ניט קיין ריהר. און ציטערענדיג ניט זי אַ ציטער. עס שטעלט זיך איהר פאַר דער זומער, סומע טעג, ווען זי האָט געוואויסט פון אַ לעבען צו זאָגען. געאַכט, געליעבט איז זי געווען ביי „העגדלען", איהר מאַן, אַ הויכער, אַ שענער, אַ העלד, אַ יונג מיט שפּאָרען, אויפ'ן קאָפּ אַ קאַם ווי אַ קרוין. העגדיל איז געווען אין איהר פערקאָכט. אַלע קרעטעניו-מיצעניו, נישט אָבטרעטענ-דיג פון איהר טאָג און נאַכט. אַלע פרידמאַרגען פלעגט ער זי אַרויספיה-רען פון קאַטוך און געשפּאַצירט מיט איהר אויפ'ן הויף און אין גערט-נער. געגריבעלט זיך, געשפּילט זיך מיט איהר און זאַמד, געזוכט, געגיס-טערט און צוטראָגען איהר, וואָס ער האָט געפונען דאָרט. אויף אַלע ווי-פער געזאָגט סוואָרען אַזאַ לעבען, וואָס זי האָט ביי איהם געהאַט. זי האָט זיך געלעגט, געקוואַקעט און אויסגעפידרט היהדעלעך. צעהן קינדערלעך מיט אַ מאָל האָט זי אויסגעפיהרט. אַלע שענעטשקע, פוכלינקע, געלינקע. באַלד ביים אַרויסקריכען פון'ם איי, שטיקלעך שאָלעכץ האָבען נאָך גע-קלעבט אויפ'ן געזעסעל, האָבען זיי זיך שוין אַ שטעל געגעבען אויף די פּיסלעך, אַ פּיפּס געטאָן—שלום עליכם! הייסט עס אַזוי אין דער וועלט אַריין. די וועלט איז זיי געפעלען, אַ גוטע, אַ ליכטיגע, גאָר מחיה. נו, האָבען זיי געלאַכט לוסטיג פרעהליך, לויפענדיג אַהין-אַהער, וואוהין דאָס

האַרץ געקלאַפּט, וואָרום די אויגען טראָגען. די מאַמע איבער גליקליך, נעמט זיי צוגלייכער אונטער איהר פליגעל און שיצט זיי, גלעטט זיי און זיי דאַנקען איהר, פּיפּסענדיג פֿאַר פֿרייד'ליך. דעם נאָכמיטאָג פֿיהרט זי זיך מיט זיי אַרום, וואו ערגיץ אַ שטיקעל פּלאַץ, וואו ערגיץ אַ בער־גיל מיסט, זוכט, נישטערט דאָרט, און געפינט די ווערים, אַז איין קלי: גיכער, גיכער אַהער צו מיר! פֿאַרצייטיגערהייט פֿלעגען זיך אָפּשטעלען קוקען אויף איהר מיט דעם קליינהאַרציג און שטאַרק הנאה האָבען. עס שטעלט ציפּעניושקע זיך פֿאַר פֿריהערדיגע גוטע צייטען, פֿאַרלאַנגענדיג דאָס קעפּיל אונטער'ן פֿליגעל און זיצט זיך רוהיג.

און פּלוצלים נישט ציפּעניושקע אַ ציטער, שטעלט־אויף די פֿעדערען און איז אַנגעשלאָפֿען—עס קומט איהר פֿאַר דער סוף פֿון איהר גליק און דער אָנהויב פֿון אומגליק איהרס. און איין שיינעם פֿריה־מאָרגען כאַפּט אַ שוואַרצער צאַוועק איהרס אַ קינד און הויבט זיך דערמיט אויף הייך אין לופֿטען. זי, נעבעך, שרייעט: פּייגעלע, פּייגעלע מיינס! נאָר שריי חי וקים, פֿאַרשוואונדען איז דאָס קינד. איין פֿעדעריל נאָר ווייס, אַ פֿעדע־ריל אַ ווייכינקע, מיט בלוט פֿאַרשמירטע, פֿאַלט אַראָב אויף דער ערד און טרייבט זיך, וואַקעלט זיך אַרום פֿון'ם ווינט. ווען יענער צייט קומט אַ אויסטאָפּעניש אויף איהרע ליטשיגע עופֿה'לעך און זיי ווערען וואָס וויי־טער אַלץ וועניגער, וועניגער. איינעם אַ מחור אויפֿגעגעסען, דעם אַנ־דערען האָט אַ קאַץ אָפּגעהרגעט דאָס קעפּעל און דער, יענער זעהען און דעם מענשענס הענד אַריינגעפֿאַלען. פֿרייטאָג אַמאָל קומט זי די ווייס־טע מאַמע, און קען אַריין, פּיקען, ווי געוועהנליך, האָרטש איז איהר פֿינ־סטער נעהאָרכען אין די אויגען—אויוועה, איהר טעכטעריל אַ בתולה, אַ נאָכט, אַ וואַיילכע, ליגט גענקוילעט איבער'ן האַלז־פֿריטעל! די קעכין שפּאַלט איהר אויף דאָס בייכיל, נעהמט אַרויס די טעריעמלעך און טהוט זיי צונויף איהר, דער בדינער מאַמע, און דער קאַץ, וואָס ליגט אויסגע־צויגען אַ קעגען! פֿון אַלע קינדער איז ציפּעניושקען געבליבען איינס נאָר, אַ יונג הענדעל, קיים וואָס ס'האָט זיך איהם אויסגעשניטען דאָס קעמע־לע אויף'ן קאָפּ. אַז ער איז אַריין אין די פֿעדערען, געוואָרען בר־מצוה, אַ בר־[illegible], היינט ער, האָט ער זיך אויסגעשטעלט און אויף אַ הויך קול'כען דאָס ערשטע מאָל געזאַגט קוקעריקו, צוגלייך מיט דער פּאַמ־פּיע. די מאַמע האָט זיך נאָר געשמאָליצען און געזאַגט, אָמן! הללוי

„תרנגיאל", דער הינערשער ברוך הוא וברוך שמו, הלואי לאז ער נע-
בען, דו זאלסט „פארשטעהן קרעהען אויף שאג", ווי דער טאטע דיינער,
דער חכם!—דאס גאנצע טרייסט איהם איז געווען אט דער תכשיט, ער
און דער ליבער מאן איהרער. זי האט נאך ניט בעדלוירען די האפנונג
צו זעהען עטס און איהר לעבען. נאר ברייט און טיף איז דער לאגעל
פון טרערען, ווי דאס איהם טאך ניט אויסצושעפּטרוקען אינגאנצען.

אין דרויסען איז אָסיען-צייט. ווי מיט דעם מאן, מיט דעם קינד
שפּאַצירען זיך אַרום אויף דער גאס איבּרדינען, ווי היטען, שאַרען, פּיקען
און פלוידערען. ביים קומען אַ היים אָוענד-צייט האָבּט מען דעם מאַן
מיט דעם זוהן און מען בּעדט ווי איהר פאר די אויגען, שטיב-מענשען
נעהמען זיי אַן בּיי די פּיסלעך און דרעהען זיי איבּער'ן קאָפּ. עס זיפּצען
קרעכצען די געפּעטעטע, נעבּעך, און יענע דרעהען, דרעהען. דערנאָך
אַנגעהמעדיג ביים קאַם טרוט מען זיי אַ שליידער אויף דער ערד. דער
שוחט טהוט אַ חיק און „ציפּעטשקע" בּלייבּט עלענד—אום מאַן, אום
קינד!

עס רייבּט טעג דאָס האַרץ אויף דיר, אַרמנליקליכע ציפּעטשקע!
דו בּיזט דאָך אַ היימישע, בּיי אונז און שטוב אַ איינגעוואָקסענע, און
פון אַלע מיני בּייגעל אויף דער וועלט בּיסטו דאָך, דו אַליין, מיר די
בּעקאַנטע. איך האָב זיך צוגעקוקט צו דיין שטילער לעבען, זיין פער-
אינטערעסירט מיט אַלצדינג, וואָס דו טוסט, וואָס דו מאַכסט. און זינט
איך האָב דיך געזעהן זיצענדיג אַליין, פאַרלעגט דאָס קעפּיל אונטער'ן
פליגעל, שטעהט מיר דיין געשטאַלט פאַר די אויגען, בּיסט פערזאָמערט
פערהאַרגט, טרויעריג. אוי-אַך-און-וועה צו דיר, נעבּעך, ציפּעטשקע מיינע!
דיין צער, דיין לייד—דאָס איז פון יענע לייד, וואָס אויף דער וועלט איז
אָנגעשיקט געוואָרען זינט גאָט האָט די בּעשאַפען כּיז אַצינד. די לייד
פון דער וועלט אָבּער ועגען צו-ליידיג, אייגע פון די אַנדערע אַלץ מיט
אַ שטאַפּעל העכער, העכער. און איך, אוי-אַך-און-וועה צו מיר, איך בּין
געפריוט געוואָרען מיט אַלע-אוי, דורכשעטאַגען זיי אַלע!

שפּיל, כאָלאָווייטשיקעל, שפּיל, צוגיס זיך אין שטילער! עס ווילט
זיך מיר אויסגיסען דאָ מיין האַרץ, מיין בּיטער האַרץ.

דער כאָלאָוויי קנאַקט—און עס טרעט מיר אַרויס פאַר די אויגען
אַ אַנדער בּילד, אַ פּינסטערס, אַ טרויעריגס.

אסיפֿען-צייט, א קליין נידעריג הייזעל. איטוועלכע חושך, אפגעלאזט, די בעט נישט פֿארבעט. קיין זאך נישט אויף איהר ארט. דער אויוון נישט געהייצט. שוין לאנג אז מען זעהט נישט געהן קיין רויך פֿון קוי־מען. וויסט, פֿינסטער איז אין איטליכעם ווינקעלע. די ווענד דארט ווייּ־נען. אויף דער מילסטערינער באנק זיצט האלב די אלמנה, זיצט איינגע־הייקערט, אין צרות, די פֿיס פֿארלעגט אונטער זיך. אט שווייגט זי, אט שטום ווי די וואנד, טראכט זיך נישט קיין ווארט. דער קאפ צעשויבעלאט, די אויגען אויסגעשטעלט, קוקען פֿערגליזערט אין איין זייט, און אט ווערט זי פֿערציטערט, כאפט זיך אן ביים קאפ, יאמערט און קלאגט. נישט דערויף, וואס זי איז ארעם, קלאגט די אלמנה, צום דלות איז זי גע־וואוינט. תענתים האט זי קיינמאל נישט פֿערלאזט, נאך זיי נישט גע־בענקט, זיך בעגנוגט מיט דעם ביסעל, וואס זי האט פֿון איהר ארבייט פֿערדינט, אויף איהר זוהן, אויף איהר לעצט פֿערלארען קינד — אט אויף וואס זי קלאגט. פֿינף זוהן האט זי ביטרע געבוירען און אלע נאר אויף צרות. דעם עלטערען האט מען פֿאר א רעקרוט גענומען. מענשען, ווי דער שטיינער אזו, איז דאך קארג די וועלט, קריגט מען זיך, שלאגט מען זיך, אייטער אויס'ן אנדערען וויל געוועלטיגען, דער יענעם וויל איינ־שלינגען, בעדארף מען דעריבער האבען אזוינע, אויף צו שיצען זיך פֿאר'ן שונא, מיט אלע מיני קליפּעריטעצייג. איז דער זוהן אידערער אוועק צו הרג'נען אדער גע'הרג'עט צו ווערען און נישטא איהם ביז אויף היינטיגען טאג. דעם צווייטען האט דער מלאך-המות גענומען. אוי, האט ער זיך, נעבעך, אנגעליטען ביז די כשרה נשמה איז איהם ארויס! דער דריטער איז געווארען א קדוש. ניט א ווילדע חיה, ניט א וואלף, א בער, האט איהם פֿערציסן, איהם האבען געהרגעט מענשען, פֿלייש און בלוט ווי ער. עפּיס א ביזע מהומה, א שגעון איז אויף דער וועלט געקומען — לייט ווערען פֿערווילדערט, בערישטמעקט ווילדע הוצפֿה, ווארפֿען זיך ווי חיות רעות אויף ברידער, ברעכען, שטעכען משונה־ווייז, אהן רחמנות! דער פֿערטער זוהן, בעריבטע, דערשלאגען, דערהרגעט, נעבעך, געדומט פֿאר צרות די טאגע אויף די פֿלייצע, דעם שטעקען אין דער האנד און [illegible] ימים, מדברות, ווייט אהין, אזש [illegible] דער שווארצער [illegible] אויף [illegible] טאג! דער פֿינפֿטער, דאס לעצטע [illegible] איז [illegible] און מלחמה:

צײַט אַרײַן אין דינסט, ערשט נעכטן פֿערלאָזט איר די ווײַסטע עלטערע מוטער און געהט אַנידערלעגען דעם קאָפּ ערגעץ אין עק וועלט... אָט אַצינד זיצט עס הינדע פֿערוויסט, פֿערפֿינסטערט, פֿערטראַכטעטעדיג דאָס גרויסע אומגליק, וואָס האָט זי און די קינדער געטראָפֿען. קינדער האָט זי געבוירען און אויף צרות נאָר געבוירען – אויף צרות איהר און אויף צרות זיי, נעבעך!

ציפּעטשקע! דײַנע הינדעלעך, ווי באַלד דערוואַקסענדיג די וועלט, האָבען זיי פֿון דער וועלט גרויס הנאה געהאַט. געכאַפּט האָבען זיי געהאָט ניט מורא ווי אַ ייִעשר און אויף מאַרקן שוין מאַכענדיג פֿון זיך אַ וועזען, מאַכן נאָר ווי „אַלטגעזעסענע״ – געפּיקט, געזעסען, זיך גע־שפּילט, לעבעדיג, פֿריילעך, געלאָפֿען, געדרייט זיך אַהין־אַהער, גלײַך ווי זיי וואָלטען בעקאַנט געווען מיט דער וועלט שוין אַ צײַט מיט יאָהרען. ווײַכען אַלצדינג וואָס מען בעדאַרף און וואָס מען האָט צו טאָן. דײַנע עופֿה'לעך האָבען געלעבט, געוואַקסט פֿון אַ יתום'ל צו טאָגען און וואויל בעקומען איז זיי די יתומ'ד. הינדעס קינדער אָבער, אַזאַ־אָך־און־ווייה צו זייער קומען אויף דער וועלט! מיט זיי איינאיינעם זענען געקומען זייערע יסורים, קרענק און אַלערלײַ וועטאָגען: בריכעטשקעס, צײַדעגווענטאַ, פּאָקען, מאָזלען, סקאַרלאַטינע, נעבאַך זענען זיי, נעבעך, אויסגעשמאַכטען צרות, אַ שטראָף פֿון גאָט, ביז עס האָט זיך זיי געעפֿענט די אייגעלעך, און דער־זעהן פֿאַר זיך אַ וועלט, אַזאַ, ווי באַלד נאָר זיי האָבען זי דערזעהן און געוואָלט אַ ביסעל זיך שפּילען, צופֿידערען די העמדלעך, איז אויף זיי אַרויס אַ צאָרן, אַ ווערדיקט, אַ שטראָף פֿון מ ע נ ש ע נ ס ה ע נ ד.

קינדער האָט הינדע מגדל געווען מיט פֿיעל מיה מיט צער, פֿערבראַכט אויף זיי אין צרות טאָג מיט נאַכט און־קוים אויסגעהאָדעוועט, נעהמט מען זיי בײַ איהר אַוועק, נישט קיין מאַמע איז זי, נישט קיין רעכט אויף איהרע קינדער האָט זי, נאָר אַ דינסט איז זי–דעם מלאך־המות'ס און דעם עולם'ס אַ דינסט–אַ שפחה־כנענית הייסט עס, וואָס זי און די קינ־דער איהרע געהערען ניט זיך. געבוירען זיי–האָט זי, די מיה אויסצואַרבע־טען זיי–האָט געהאַט זי–קוים מען דערנאָך צום פֿאַרטיגען און מען נעהמט זיי צו, אַי, וואָס, די ראַטיגע דינסט פֿיהלט, האָט ליעב, זי בענקט, זי וויינט אויס נאָך די קינדערלעך — נאָר ווער וועט געהערט עס אָן? נישט מעהר ווי אַ דינסט איז זי! הינדע אָבער איז נאָך אַ מוטער, אַ

משוגעים, ניסטערן, זוכן פרנסה, ווי ס'איז צו לעבן, צו דערהאַלטן
די נשמה פון ווײַב און קינדער. אַלע זײַנען פאַרטראָגן, צו־
טראָגן, אַלע טראַכטן ווי אַזוי עפּעס אַ בעדינסטל צו דערטאַפּן און
בײַ יענעם מיט אַ דמצאַהלע אויסכאַפּן.

עס שמועסן זיך מיר פאַר רעדלעך פאַרשוינען, שיינע מענטשעלעך,
וואָס האַלטן זיך ווי היגד, ווי וואַראַנצעס נעבן מיסטן און נבלות, וואָס
לעבן פון יענעמס פלייש, פון יענעמס בלוט; מענטשעלעך, וואָס זײַ ווענען
נישט וועלטנה קיין חדייער און גלויבן פאַרט ווער שטאַרק; מענטשלעך,
וואָס איטליכער קען זײַ פאַר קלײַניטשקע און זיינען האָך ועדר גרויס;
מענשעלעך, וואָס טוען און דער געשטיידע אַ מצוה, וואָס מאַכן איהר
קאַליע דאָס בלוט און נאָגן זי אויס; מענטשעלעך, וואָס אָנקוקענדיג
האַבט זיך, ווי זײַנען שטאַרק בעשעפטיגט, פאַרנומען מיט ווילטיגע עסקים,
עס שוויצט זײַ תמיד דאָס פנים, שטענדיג פול מיט סודות, מיט סעקרע־
טען, רעדן אויף דעם וואַנק־און באמת זײַנען זײַ כוויטשען, לעדיג־
געהער, נאַרישטען, פּראָנעקיסטען; יענע מתי מענשעלעך, וואָס דרעהען
זיך תמיד אַרום קהל, ווילן דער שטאָדט רק אויסבראַנטען, רק טאָן
טובות, וואָס לייגן זיך אינגאַנצן אַוועק פאַר דער שטאָדט און לעבן
בכבוד, עסן דאָס בעסטע און טרינקען אַ גוט גלעזל ווײַן; מענשעלעך
וואָס דרעהען זיך אין די קהל־שטיבלעך, נעבן די גבירים, אויף די
אסיפות, אין די יאַטקעס און אין די ווינשענקען; וואָס פירן די גאַנצע
קאַמאַנדע בײַ די וויבאָרעס, האַלטן איטליכען אין סוד און איטער און
שרײַען „ושעלייעם", אָדער „משושעלייעם" פאַר כל ישראל; מענשע־
לעך, וואָס ווייסן זיך, נעמען אַראָב דאָס היטעל פאַר איטליכען משוי־
נאַווניקעל, פאַר איטליכען פריצל, וואָס קריכען תמיד זיך פאַרגוישטעלן
פאַר אַ נייעם גובערנאַטאָר, פאַר אַ נייעם פּאָליצייסטער, ראַפּאָרטעווען
תמיד מכח דער שטאָדט; מענשעלעך, וואָס זײַנען אים ווי שרעקליכע
וועלף צווישן די אָרימע בידנע שאָף אויף דעם מאַרק!...

אַי ווי שרעקליך דער מאַרק איז, וויפיעל צרות, דאגות, לייד און
פּורעניות, וויפיעל דערנידריגונגען, חרפות, בזיונות, וויפיעל פאַלשקייטן,
שווינדעל, שפּיצלעך, קנייטשלעך, פאַר דעם ווינציגן שטיקעל ברויט!
אָך, שווער, שווער ביטער קומט אָן היינט מענטשענס פּרנסה! עס רייסט,
רייסט מען דאָס האַרץ, אַ בריוו־טרעגער, יעדער אַנטרעפּרענער ניט!

פּאַמעלעך, סאַלאַווײַ, פּאַמעלעך, ניט אַזױ שטאַרק שפּיעל, ווײַנער, אױ, עם לאַפּנעט, עס האָט בײַ מיר אין האַרצען שױן געלאָפּנעט אַ סטרונע!

אומגליקליך ביסט-דו משה, פֿערפֿלוכט ביסט-דו פֿון אַלע בהמות און אַלע בעשעפֿעניסען אױף דער וועלט. דער אױבערשטער האָט דיך בעשאַפֿען מיסטײַריש מיט מעלות פֿיעל, בעסערע ווי בײַ אַלע אַנדערע בעשעפֿעניסען זײַנע, ר״ל מאַכן לטובה, און דו האָסט מיט די מעלות טובות זיך בענוצט צו דײַן רעה. פֿיעל פֿערשטאַנד האָט דיר, משה, גאָט געגעבען און דו האָסט זיך בעגאַנגען מיט איהם ניט ווי מען בעדאַרף. האָסט אָנגעהױבען פֿערטעפֿענדערין צוביעל, קלערען, גריבלען זיך, אַראָבגעמטשערט זיך אין דעם זינען, האַנדלען געמאַכט דיר אַלײן און געגעבען דער נאַטור. בײַ צופֿיעל חקירות איז צופֿיעל מערלײַ. פֿון צופֿיעל אױפֿ-טהערעטען און נײַע ערפֿינדונגען געקומען זיך פֿיעל נײַע צרות, מאַנגעל, צוזאַנג און אומגליקען. פֿיעל נײַע זאַכען, אײַנבײַטער, האָסטו דו, מיט דײַן פֿערשטאַנד אַרױסגעטראַכט מאַן! דיר אַלײן אױף צרות—צרות-צוגעצװינגען בײַ דיר פֿון די הענד אַרבײַט, פּנים נול דאָס שטיקעל ברױט, צו האַל-טען דיך אין דער קלעם, און צו פֿערקירצען גיך דײַנע יאָהרען! אומ-גליקליך מאַכסטו דו זיך, משה, מיט דײַן פֿערשטאַנד און אומגליקליך אױך מיט דײַן לשון, מיט דער שפּראַך. אָט די גרױסע מתנה, צו וועלכער דו האָסט זוכה געווען, אָט די איז דיר באָקאַם אױבגעפֿאַלען. דער הונד, אַשטײַנער, אָט דער האָריגער כלב, וואָס בילט אױף דיך דאָ, פּונקט אַזױ בילט אױך יענער כלב, זײַן חבר, ערגעץ דאָרט... און שפּאַנייען, אַשטײַ-נער, אײַן אָנגעהאַלטען, אײַן געבעלעריי, בײַ אַלע הונד. דער אײזעל, וואָס אין אונזער מקומות, עפּעס אַ גויל און הירזשעט זי אַלע אײזלען, אין דער וועלט. דער אײזעל, יענער אײזעל, וואָס מאַכט עם אױס, אַלץ אײנס. אַלע פֿערד אין די מיטלענדער און די בלאָטיגע קוואַקען גלײַך אױ-מעדום אין אײן צײַט פֿון מצרים בּיז אַצינד — און מענשען, זײַ ווײַקען אײַנער צו די אַנדערע פֿרעמד און דאָס איז אַ צרה ווערט אַ גרױסע. אומ-גליקליך ביסטו דו, משה, מיט דײַנע מאַנבאַליען. גאָט האָט בעשאַפֿען דעם מענשען און זײַן געשטאַלט אַרײַנגעסענקט אין איהם אַ מענשליכע נשמה, פֿאַר אַלע מענשען גלײַך, דאָסזעלבע זײַן מענשליכט, צוגעגעבען צו איהר נאָך אײנע עפּיס אַ בעזונדערע, אַ מין געזונדערע פֿאַלקס-נשמה,

הייסט עס, באופן אַז זיי האַלטן זיין קאָנטרע צווישען זיך און שפּיעל וואַכען. דאָס וואָס די טאָר נישט, מעג יענער וואָס דער רעכענט זיך פאַר אַ חסרון, רעכענט זיך יענער פאַר דער פּריבאַטער מעלה; וואָס פאַר יענעם איז דאָס אַ געבאָט, איינע פון די עשרת הדברות, איז עס פאַר דער אַנדערער נישט פערגאָנט געוואָרען, און ווייטער צרות און שפיכות דמים קומט דורכדעם אַרויס! אויך אין דיין פּראַקטיק, אין דיין נעטסקייט דעם שטיינער אַרטיסטליכקייט דייַעם ליגט אָבער אַ דאָר בעגראָבען, אַ אַמאָליק פאַר דיר.

אַ געטליכער גייסט, דער גייסט פון וויסען און נאַטוראַליסטיקייט שטראַמט ווי אַ פליינצעדריטער מיין פּנים'ם הייליגען כסא הכבוד, שטראַמט צו בעלעבען און גליקליך צו מאַכען אַ גאַנצע וועלט מענשען. שטעהען נאָר אויף די בּרעגען זיינע אויסגעשטעלט מהדלעך און מיט פאַבריקען אַלערליי. אימליכע פון די פאַבריקען ציהט דאָס וואַסער צו זיך פער- האַמעוועדיג, פערדאַלמעטריג עס, כדי עס זאָל דורכגעהן די רעדער פון דער מאַשינע ביי זיך און צוליעב זיך. דער מאַטעריאַל פאַר די אַלע איז איינער, איין רוהעס שטאָף — וויבאַלד ער קומט אָן אויף דעם עולם, ווערט ער צעטיילט אַ טייל אין דער פאַבריק, אַ טייל אין יע- נער. דאָרט ווערט דער נייע־אַנגעקומענער שטאָף אַריינגעבראַכט אין אַ פאָרעם א׳סצונויפגעזעמען פון אידות אַ כלי שלמה. פון דאָרט געהט עס אַרויס מיט דעם שטעמפּעל דערויף פון דער פאַבריקע אָבער אויך, אַז עס שטעהט אין וועג יענער, וואָס מען אַ אַנדער פאַבריקע. די סתירות וועגען פערשידענען, די קאָנקורענץ איז גרוס, איטליכער וויל געלטען בעסער אויפ'ן מאַרק, און דורכדעם קומט אַרויס פיינדשאַפט, האַס, געשלעגע, גזלה און רציחה, אַי, גענוג יסורים, צרות און לייד וועלכע זיינען דאָ אין דער וועלט פון זינט די איז בעשאַפען געוואָרען, — קומען מענשען און לייַ- דען נאָך צו ווייטער פון רעי זייט!

פאַמעליכער, פאַמעליכער שפּיעל, כאַלאַמיי! עס קומט שוין אין האַר- צען געלאַמענעט ביי מיר נאָך אַ סטרונע!

ווייך, ישראליק, ווייך! האָסט מיט אימליכען שפּיעל דאָס וואַלד- בליומעל מיר געמאַכט. עס האָט מיר זיך געחלומט — איך בין אַ חתן ביי דעם בעדעקעניש. החתן דומה למלך! — האָט דער בדחן און דערמאָנט מיר דערביי, אַז איך בין אַ יתום... ישראליק, לאָזט ער אויס צום גראַם

מיט אַ ווידערנעמדיק קול: אַ יתום מוז איך הער וועלט פון אויסליבן אויסשטעהן ווערד פּיעל, — ווײַן, ישראליקעלעב, ווײַן — כּלי־זמריל, שפּיעל! אַ יתום פּיסט דו ישראל און אַ חתן צו גלייך! — אַ חתן וואָס, איז דומה למלך, און אַ יתום — אַ וואָרים, געטראָטען מיט די פיס; וואָס קומט דאָך אויס ווי דאָגיג מיט נאָל אויסגעמישט אינאיינעם. אַ יתום אַ שטעגיגער, געפאַלענער, מיט כּבוד פון אַ חתן אויף אַ ווײַלע; דאָס איז נאָר אַ שפּאַס אַ ביטערער, אַ שרעקליכער שפּאַס, וואָס ווירגט טיעף ביי די לעבער. מיר איז שטאַרק נישט גוט אוים'ן האַרצען, עס שווינדעלט מיר אין קאָפּ און עלענדיג אַרום מיר הערט זיך און פּלאַצט, עס שפּרינגען געוואַקסען אין די פעלדער, עס פּלאַצט דער וואַלד, און די בוימער פלעטקען צו מיט די צווייגען. עס נעהמען זיך אויך צונויף און טאַנצען מיט געשטאַלטען — פון נביאים, שמשים און כּלי קודש, געשטאַלטען פון נצחנים, אָקסען, פערד און האָריטעם, אַלע אינאיינעם, און פון דעם געשווינדיגען הרעהזען זיך צרות און צרות אין אַ קאַראַהאַד, שוועבען פלאַטערדיג פאות, וואַלדיגען, הערר, טישאַפּיטעם, פערדישע עקען, און אייערען פון איזלען; כּ'הער כּלי־זמר שפּיעלען, לידורים, ל"ג בעומר, ס'איז הרגעות ביי אונדזען, פּאַראַ'ים לויפען ווייסע חברה וועגרום, פעגרום, הינטען גיהט אַ גרויסער עולם, ס'איז אַ געטעמעל פון מקבלים, אביונים, קבצנים, הלפנים, טייטע־ניבענסען, קאַלעקעס, מלמדים, באַ צעגיגאַנדיגע, פּאַראַפּאַרדיגע און הינטעס־אַהיידיגע בעלי־בית'לעך וואָס עסען קעמס. עס פרעגען הבדלות, האָט פּרהט מען צו דער שוהל אַ חופּה, אומגליקליך צו מאַכען דאָרט אַ יתגעל מיט אַ מיידעל, וואָס ווייסען נאָך גאָר נישט פון וואָס צו זאָגען, ביז שפּעט אין דער נאַכט, זעה איך, פּרהט מען חופות, עס ווערען צוזאַמענגעבאַט עפּיס אַ גוזמא חתונות, אַלטע מאָמעס פליצקען, מחותנים טאַנצען, דער עולם איז לוסטיג, אַ פריילעך, אַ שמחה! — מזל טוב אייך, יודען, מיט שפּאַציר־נייע אָרימע לייט! מזל טוב אייך מיט אַ ניי פּעקעל לעריעריקער! מיט נייע

האַנדיאַמטען אויף מלמדים, אויף מקבלים, אויף באַנק-קוועטשער און אויף גילדינשטשאַרער-יודען! מזל טוב אייך נאָך מיט א פריש צעטעל פון קאַנטאָנן גרעט: מיט אלע אייערע שמוציגע, פוילע און פוכיגע מזשעשעלעך! מזל טוב אייך מיט פריש-צעפעדערטע פיאַוקעלעך! גרייט אן, יודען, פלוט, גרייט אן געלט, געלט, געלט! —

געוואַלד, סאַלאַווייִ, מענוג, גענוג צו שפּילען! עס רייסט מיך דאָס האַרץ, עס שפּריצען, עס לאַפען און מיר אלע כמורנעס!...

## דאס צוועלפטע קאפיטעל.

# די קליאטשע א פירוש אויף איוב.

---

— דיין קול איז עס, מיין טאטע, אלטער בעקאנטער?

— איך בין עס, מיין שלימזלדיגער פריינד, מיין בידנע, אומ-גליקליכע קליאטשע! — ענטפער איך צוויטשערדיג זיך.

— וואס ווילסטו-דו? פרעגט זי, א שטארקן שאקל געבענדיג מיט דעם האלז, גלייך ווי זי וואלט פון זיך אראפגעווארפן א גאנצן בארג משא און מיך פריינדליך אנגעקוקט מיט א פנים, טאקי גאר ווי א מענש. — דו האסט געמוזט אויסשטיין און ליידן פון מיר צרות.

— אך! — האב איך געשטאמפערט, — מיינע צרות זענען גארנישט דו האסט זיי מאל געמאכט אויסגעבן. דו ביסט, נעבעך, ניט שולדיג. דיינע צרות, ווייסטו-דו, זענען אהן א ברעג, גרויס ווי דער ים. איך וויין קוקענדיג אויף דיר, מיין געמאטערטע, פארוואגלטער פריינד. אך, ביז וואנען וועסטו-דו אזוי ארומגיין, אליין זיך ארומשלעפן און פון איטליכן אליין ליידן? ביז וואנען, אך, וועסטו-דו זיין א שקאפע, דער וועלטס איבעריגע קליאטשע?

— ביז וואנען, — האט זי געזאגט, — מענטשן וועלן ווערן בע-סער און קליגער, ביז וואנען עס וועט אויפהערן זיין אכזריות און רחמנות אין רעות אין טובות, אין צו-להכעיס און צוליעב טאן, נאר אמת און גע-רעכטיגקייט אליין וועלן הערשן אויף דער וועלט; ביז וואנען עס וועט אויפהערן צו זיין א חילוק צווישן מענטשן, א וואלף וועט וואוינען מיט א שאף, א בער מיט א קוה וועלן אינאיינעם זיך פיטערן און א לייב וועט ווי א רינד עסן שטרוי; ביז וואנען עס וועט זיך פעלן אל-דאס-

בײַז, די גיטגוטע װעלן מפֿרליכן זײַער כּח און עס װעט אָבגעװישט װערען טרערען פֿון איטליכעס פּנים!...

— אַך! — האָב איך געקרעכצט, עס איז נאָר צו װײַט צו װאַרטען! ביז יענער צײַט, האָב איך מורא, זאָל מען דיר דערװײַל נישט דערגעהן דעם עק, נישט צוריסגעדמען די נשמה!

— מיט מיר, — האָט זי זיך אָנגערופֿען, מיט מיר גײט עס אַקוראַט װי מיט מײַנעם אַ אַלטען חבר א י ו ב, װאָס בשעת ער איז איבערגע־ געבען געװאָרען דעם שטן אין די הענט, האָט גאָט ריבּונו־של־עולם אַזױ געזאָגט שטן, װאָס די װילסט, מאַך מיט מײַן איוב'ן, שלאָג איהם, טו איהם אָן געבראָטענע לײַד, מאַך איהם פֿרײַן און מלוי דאָס לײַב, נאָר זײַן ג ײַ ס ט, זײַן נשמה זאָלסטו־דו רוהרען!...

— איוב, — האָב איך אַ געשרײַ געטאָן, — דאָס איז טאַקי דײַן חבר, נײן, דאָס ביסט־דו טאַקי אַלײן! דאָס איז אַ משל אַקוראַט אויף דיר. דאָרט שפּיגעלט זיך אָב דײַן גליקליכס לעבען אַמאָל און עושר און כבוד; דאָרט שפּיגעלען זיך אָב דײַנע יסורים, די רדיפות, די שטימטוער. טלעך פֿון דעם עולם בשעת דײַן נדים אַנגעליקן דאָרט שפּיגעלט זיך נעמערײַ אָב איטליכע זאַך בפּרטיש. א י ו ב ביסט דו! דו ביסט איוב מיט זײַן ש ט ן, מיט זײַנע מ כ ו ת, מיט זײַנע פֿאַלשע ח ב ר י ם, װאָס פֿאַלען אויף איהם אָן אין דער שלעכטער צײַט און בעשולדיגען איהם, ער איז נישט גוט, ער איז נישט פֿרום... א י ו ב איז דײַן היס־ טאָריע. דער אַנהױב איוב און דער מיטען האָבען שוין ריכטיג בײַ דיר זיך אַרױסגעװיזען, דײַן סוף װעט בײַ דיר אויך, נאָך זיכער, מקוים װע־ רען. דער שטורם, און װעלכען גאָט און די גערעכטיגקײט װעלען זיך בעװײַזען, װעט, מײַן איך, זײַן אַ גרעסערער, אַ שטאַרקערער פֿון דעם, װאָס איז געװען ערשט נישט לאַנג!..

— מען שמועסט, — האָט זי זיך אָבגערופֿען, — אַז דאָס האָט טאַקי אָנגעשריבען יענער בערימטער מענש, װאָס האָט מיך אַמאָל פֿון אַ קליאַטשע צוריק פֿאַר אַ מענש געמאַכט, ער האָט דערמיט געקוקט גאַנץ װײַט!...

איך קוק זיך אום צו מײַן קליאַטשע — ערשט איך דערזעה, זי ליגט אויסגעשטרעקט װי אַ טויטע אויפ'ן ריקען און סאָפּעט גאַנץ שטאַרק.

— אַך! — האָט זי צו מיר זיך אָנגערופֿען מיט אַ קרעכץ — ווי האָבען מיך גאָר פֿערמאַטשעט. איך פֿיהל, אַז אַלץ וואָס ווײַטער גערען מיר אויס די קרעפֿטען. און דער צײַט, ווען עס עפּעס זיך מיר אויף דאָס מויל צו רעדען, ווען איך הויב מיר אָן אַרומצוקוקען און אַלצדינג צו בעטראַכטען, דעמסטמאָל הייב איך ערשט אָן צו הערפֿילען מײַנע ווערטאָגען... אַך, ווי האָבען מיך שרעקליך אָבגעשוואַכט, שרעקליך קראַנק געמאַכט — איך פֿיהל אין מיר נישט קיין גאַנץ אבר, קיין גאַנץ ביינדעל! ועדר שמאַרק האָבען מיך דאָ ערשט פֿערמאַטשעט עטליכע פֿאַרשוינהלעך, איך בין פֿון ווײַטערע הענט קוים גאַנץ אַרויס מיט דעם לעבען.

— העלף מיר, איך בעט דיך, אפֿשר זיך אויפֿצוהייבען און אָנצושפּאַרען דיך אויף דער ווײַט, ס'איז עפּיס קיין דרך-ארץ נישט ווי איך ליג אַזוי אויסגעשטרעקט, מחילה, איך קען מיך, לא עליכם, אַליין קיין ריהר נישט טאָן. אוי מײַן קאָפּ, מײַן קאָפּ!

— וואָס איז? — האָב איך זי אַ פֿרעג געטאָן מיט רחמנות, — דער קאָפּ טהוט דיר, נעבעך, וועה?

— אוי, — האָט זי געענטפֿערט, — עס טהוט מיר וועה איטליכעס אבר, איטליכעס גליד בעזונדער, מײַן גאַנץ לײַב און לעבען. עס טהוט מיר וועה אַז דער קאָפּ, דער קאָפּ, אַז דער גאַנצער פֿאָדער-חלק, — דער פֿאָדער-חלק ווי אויך, מחילה, דער הינטערע, הינטער-חלק!...

— לאָז דיך פֿערטשוועקען נאָר נישט אָב, האָב איך זי געבעטען, מאָרגען, אַז מיר וועלען זײַן אין דער שטאָדט, וועל איך בעטען אַ דאָקטאָר, ער זאָל דיך בעטראַכטען און דיר עפּיס פֿערשרײַבען.

— אַי, אַי! האָט זי זיך אַ חאַפּ געטאָן ווערר דערשראָקען. רעד־מאָן מיר נישט, איך בעט דיך, דערמאָן מיר נישט קיין דאָקטאָר! ווער קען נאָך אַזוי ווי איך די דאָקטוירים, די קאַנאָוואַלעס מיט זייער רפֿואות, מיט זייערע פֿערשרײַבעכטסען?!... בײַ זיי איז בעלד לאָזען צו דער־אָדער, בלוט אָבצאַפּען און הורכצידהען זאַוואַלקעס. איך האָב שוין, ברוך השם, אויף מיר אַ סך בלויע צייכענס פֿון זייער׳ע פֿערשרײַבעכטס. זעהסט דו בײַ מיר אָט די פֿרישע סינאַקעס? דאָס האָט מיר נישט לאַנג גע־מאַכט אַ דנייעפּראָוויצער קאָנאָוואַל מיט זײַן קליפּערנעצײַג און מיט זײַן

פערשרייבעכטס, ער איז פשוט זיך מחיה, ווען עס מאַכט זיך אידם א געלעגענהייט צו פערשרייבען. עס זענען דא זעהר פיעל אזעלכע דאָק־מוירימלעך, וואָס ווי באַלד נאָר עפּעס א מינדעסטע זאַך, א קלייניגקייט, האָבען זיי שוין ליעב צו שרייבען, און שרייבען אַן א מגילה, א גאַנץ גרויסען בויטען...

— דערצעהל מיר נאָר, — האָב איך זי געבעטען, — וואו ביסט־דו געוועזען די גאַנצע צייט, און דו ביסט פון מיר פערשוואונדען געוואָרען? ווער איז יענער פאַרשויין, וואָס האָט דעמאָלסט זיך אַרויסגעהאַפּט אויף דיר רייטענדיג? פון וואַנען האָט ער זיך גענומען?

מיין קליאַטשע טרעט זיך אָן א כח, הויבט אויף דעם האַלבען קערפּער, אָנשפּאַרענדיג זיך אויף די צוויי פאָדערסטע פיס, קוקט מיך אָן פריינדליך, און הויבט אָן צו דערצעהלען:

— יענער, וואָס האָט אויף מיך זיך אַרויסגעכאַפּט רייטענדיג, — האָט זי אָנגעהויבען צו דערצעהלען, — דאָס איז געוועזען א לץ. סאַטאַנעס, אַז די רייטשלעך, די נישט־גוטע, לאָזען מיך אַביסעל צורה, וואַקסט געוועהנליך פּלוצלים אויס א לץ, אַזוי ווי פון אונטער דער ערד, זעצט זיך אויף מיר רייטענדיג און טרייבט מיך איבער בערג, איבער טאָלען, איבער פעלדער, איבער וועלדער. אַפילו נאָך איינער האָט געמאַכט דעם אַנהויב, שפּרינגען שוין אַרויס נאָך א סך לצים פון פערשיידענע גע־שטאַלטען און פון פערשיידענע שטאַנדען. עס ווערט א געפּיפּעט, א געלעכטער ביז דעם הימעל, איטליכער האָט א ממרא, א קליחה, נישט געשטויגען, נישט געפלויגען, איטליכער גיט א פּייַג און שטעלט אַרויס א צונג. אַלע פון גרויס ביז קליין זעצען זיך אויף מיר אָן און האָבען מיט מיר צו טאָן. פיעל מאָל צוקריגען זיי זיך איבער מיר; איינער זאָגט, מען זאָל מיט מיר זיך נהג זיין אַזוי, און דער אַנדערער זאָגט עפּיס אַנדערש; יענער זאָגט, איך זאָל פליהען אין דער לופטען, און דער ווינשט, איך זאָל געהן דורך דער ערד. עס ווערט א ליאַרם, א געשריי, א געפּילדער, א מהומה, אַז דער קאָפּ ווערט דול הערענדיג. אַזוי שפּי־לען זיי זיך מיט מיר אָן, שרייען זיך אָן און דער „אייביגער וואָפּראָס" ווערען מיר בלייבט מאַכן אַליין נישט מערעשט. און קאַלאָמוטנע וואַסער זאָגט דער עולם א ווערטעל, איז גוט פיש צו כאַפּען. דאָס איז אויך גע־זאָגט געוואָרען אויף מיר. און מיטען דער גייער מהומה כאַפּט מיך

דערווייל איינער פון דער חברה, פאָרט אויף מיר אַרויס אין דער וועלט, מאַכט מיט מיר קשעסטען און הויבט מיך אָן צו פערקויפן צו פערשיידענע מענשען. איך זאָג צו פערשיידענע, מחמת אין א קורצע צייט ריען איך וועדער פיעל בעלי־בתים. אַזעלכע איך האָב מיך נאָך נישט רעכט אַרומגעקוקט בײַ איטלעכן, קומט דער רוח און טראָגט מיך אַוועק צו איינעם אַנדערן. בײַ ווערמען, ווילסטערז, בין איך שוין דען נישט אי־בעקענטען? ווער האָט דען נישט גענומען און פון מיר נישט אָפּגעלעקט א ביסעלע? הויב אָן פון א רעכטס־פריצ'ל, פון א סאַמעקע, א קוואָר־טאַלנע וסהוכנה בוז עפּיס וחכמים; פון א שניד, א מלכות, א מוסר־זאָגער, א ירא־שמים כלי נפתם סמכ־אַפּטייטעם ודומה. אַזעלכע משיגות־נקעם צווישען די הימעלמעגליכען; פון א לאַכן, א סמאַטריטשקע, א פּויסנאַ־וואָריטשעל, א טאַהוידאַסיקעל ביז א ידעקבער און די יורישע שלען; פון א שמש, א קהל־שטען שרייבער, א חאַפּער, א סמאַרשטשיק א פּאָטערעגי, א רעמעסטאָטע, א בעל־עצה, א בעל־טובה, איין אָנהאַנגער פון דעם בעל־טאַקסע פון פּליש און סועסטשאַנ סבאַר ומחותה די נאָבען בוטיא קהל; הויב אָן פון בעדהעלמער, מלמדים, שדכנים, בודחנים, בטלנים, טויעג־טעלײַ נבאים, משולחים און שתדלנים, ישיבה־בחורים, פּרושים, לומדים ווײַבערישע מענשען, שיינע ידען, מעשׂים־קוואָרע, תהלים־זאָגער, משניות־לערנער, בעלי־תפילות, שומר־פּיאָטע, וועהלדיגע־מאַכער, פּורים־שפּילער, מצה־רעדלער, ביז די דיינים, שוחטים, מנקרים, משגיחים, טיקעריכס, קינטלעך־לערנערס, פעלד־מעסטער ודומה דאָס שבתן כלי קודש. אלע כסדר האָבען אויף מיר זיך אָנגעשטעט, פאַר איבלעכן האָב איך, ניעבעך, בעראָטעט אַרויסגעבן און אויסלײַכען אויף מיר פראָגען, זיי קאָנטען מיר גענוג און ליבען, איך האָב פון זיי צו זיכען און צו זאָגען, נישט ווערט מיין אַרבייט האָטש אָנגעלייגט געדרעך — חלילה! וויפיל איך האָב כיעט אַרבייטען, אַז אַלין וועניג, אַלין קורץ, א קאָמאָ־וועם עפּיס אזא פּינקל, אזא סדרע הנמעריגע כפפא! ניחוי וואָלט מיין אַרבייט תאָגלעך שפּיס געצען מערדאָגט — חלילה! איך אַרבייט איך האָרשטע — פאַר וועמען? מלבושים־מכתבים, פאַר וועמען?... מעשה עטן מאָל איך תמיד אַרײַן אַזעלכע ליט אין די הענט, ווי נער־מען בײַ מיר אַרויס דעם דם התמצית, פערשלאָגען מיר דעם קאָפּ מיט רעם מוח און מאַכען מיך אויסגעדאַרטען. פון די ליט ווייס איך יעדער

מעל האָבען, אָבער ווי איז דאָ מעל צו שמיעסען און צו פרעגען. מען נישט אַלץ אָבער וואָס מען ווייסט, קען מען רעדען, נישט אַלע קשיות קען מען פרעגען און נישט אויף איטליכער קשיא באַקומט מען אַ תירוץ. וואָס זאָל מען טאָן? מען מוז צומאָל זיך באַגנוגענען מיט איין תירוץ אויף אַלע קשיות: „עבדים היינו לפרעה במצרים", דאָס הייסט: פאַר אַ קליאַטשע האָט מיך געמאַכט דער קעניג פון מצרים! ——

— איין קשיא וועל איך דיך דאָך פרעגען, — האָב איך צו איהר געזאָגט — ווי קומט עס, אַז אַלע יענע פריצים, וועלכע דו האָסט גע־רעכענט אין צעטעל, זאָלען וועלען אין די הויט גערמען אַזאַ ווייסע, ביידנע קליאַטשע?

—מעשה שטן, דאָס זיי מעטעמפסיכירט, ווערען ווי פאַרבלענדעט די אויגען. מעשה שטן, טאָרען זיי זיך אין מיינען, אַז איך בין טאַקע נישט קיין ביידנע, אדרבא אַ האָרעפּאַשנע, אַ קאַפּיטאַלנע קליאַטשע!...

— אומגליקליכער פּרינץ, ביידנע קליאַטשע! — האָב איך אַ קרעכץ געטאָן און מיך שטאַרק פערטראַכט.

מעגליך צו רוהען טאָן אַלצדינג, וואָס איך האָב געהערט און געלערנט? קען איך רוהען, אַז טעגליכע פרישע צרות שטעהען פאַר מיינע אויגען, אַז דאָס נאַקעטע פעקיל לעבעדיגער, פאַרשוואַרצטער פאַרשלאָגען מיר דעם קאָפּ אַז דרעהען זיך פאַר מיר, ווי שרעקליכע מחנות היישעריקען? אַט, אַט, דאַכט זיך מיר, פאַלען זיי אָן, צעגעדריקען זיי מיך אויף שטיקלעך; אַט ניט איטליכער נאָך אַ קליינעם ביס, עסען זיי מיך אויף און עס בלייבט פון מיר נישט קיין שריד ופליט. ניין, זאָג איך דיר, איך וועל נישט שלאָפען, איך וועל נישט רוהען!...

— דו ריעדסט, — האָט מיין שקאַפּע געזאָגט און געשאָקעלט מיט דעם קאָפּ, — דו ריעדסט מיט פייער ווי אַ יונגער מאַן, זיי מיר מוחל, ווי איינער, וואָס האָט ערשט געעפענט די קלאַסען. געווענליך מאַכען זיי גיכע בעקאַנטשאַפטען און ווערען צו איינעם ווי צוזאַמענגעוואַקסען. עס טראָגט זיי אַנטקעגען דאָס מינדסטע פיצעל עולה, זיי ווערען אש-להבה, רעדען פאַר פייער, פאַר גוואַלט, נעהמען זיך אין קאָפּ אַריין האַכע און מיינען דערמיט, אַז זיי וועלען די גאַנצע וועלט איבערשטעלען... איך האָב שוין אין מיין לעבען אַ סך אַזעלכע געזעהען; דערנאָך אַז זיי ווערען אַביסעל עלטער, קומען אין דער וועלט, הויבען אָן צו פיהלען דאגת-פרנסה, דענסטמאָל לאָזען זיי אַראָב די נאָז, עס נעהמט זיי אָב דאָס לשון, און חוץ זייער אייגענעם אינטערעס געדענקען זיי ווייטער קיין שום זאַך נישט אָן. עס איז נאָך האָטש גוט, אַז זיי אַליין בלייבען ערה־ליך, פערקויפען נישט דעם אמת פאַר אַ גראָשען און שטעהען נישט-צו צו יענע לייט, מיט וועלכען זיי האָבען פריהער געהאַט קאַנטרע, פאַר ווייטערע קרומע געבען; עס איז נאָך גוט, אַז זיי לויבען נאָך האָטש נישט די דאָזיגע לייט פאַר דער גאַנצער וועלט און רעדען נישט אָב, שיטען נישט אָב מיט פריסעק זייערע פריהערדיגע גוטע פריינד... מיט דיר וועט עס אויך אַזוי זיין. אַבער ביסט-דו יונג, רויש ווי פייער, שפּעטער אַביסעל וועסט-דו זיך אָבקיהלען, וועסט מיך פערגעסען און גאַנץ רוהיג שלאָפען, — וואָס וועט דיך אַנגעהן אַזאַ ביטערע שקאַפּע? שפּעטער, נישקשה, וועסט-דו ווערען קעלטער און שטילער. דאָס איז שוין אַזוי על פי דרך הטבע אי ביי מענשען, אי ביי בהמות. קוק, אַ שטיינער, אַ מינדער קעלביל, ווי אַזוי שטאַרק זי הייבט מיט די פיסלעך, ווי אַזוי שטאַרק זי פערדרייבט דאָס עק און שפּרינגט, נאָר אַ מהבל. קוק

ווען אָבער דאָס איינציגע קעלבל מאַכט אַ שפּרונג, ווען עס ווערט אַן אָקס, די שטיל עס איז, ווי עס ווערט אונטערגעבראַכט דעם קאָפּ אין דעם יאָך. וואָס מאַכט עס אויס? אומגליקלעכער, כּ'לעבען, ווערט שפּעטער אַ אָקס...

— כּ'לעבען! — האָב איך זיך אָנגערופֿן נאָך מיט מער פֿײַער, — די האָסט אין מיר כּ'לעבען' אַ טעות! אַז די האָלטסט ווייסען, וואָס בײַ מיר אין האַרצן איז, וואָס איך האָב שוין פֿאַר דיר געטאָן און דענק נאָך עפּעס ווײַטער צו טאָן!

— „וואָס די האָסט געטאָן און וואָס די דענקסט ווײַטער צו טאָן!“ — חאַפּט די שקאַפּע פֿערוואונדערט זיך אָן. דערציילט אַרויס, דערציילט, לאָמיר הערן.

איך האָב אַקעגן אַמאָל מיט זיך געבאָרעט און דער בוזעם-קעשענע אַן אַרויסגענומען פֿון דאָרט געשריבענע פּאַפּירן.

— אָט האָב, — מאַך איך מיט אַ שטאָלצן פּנים, אַרויסשלעפּנדיק אַ בויגן פֿון די פּאַפּירן, — אָט דאָס ווערט דיר באַווײַזן, אַז איך האָב ליעב געהאַט צו טאָן, נישט נאָר אָנקלאָגן גלאַט מיט רייד אַליין, נאָר ווי אַ דרשה, דאָס איז מײַן פּריקע, וואָס איך האָב מכּח דיר, פֿאַר-שפּרייט די מין, געשריבן צום קאָמיטעט פֿון דער חברה „צער בעלי חיים“, טאָמער אַז איך בין באַקאַנט געוואָרן מיט דײַן ביטערער לאַגע.

די שקאַפּע מאַכט שטעלט אויף די אויערן און איך לייען איר אויף אַ קול מײַן פּריקע מיט די ווערטער:

„די מדה פֿון רחמנות איז גאָר גרויס און גאָר שטאַרק און דער מאָדנע היינטיקע צײַטן, אַז מענטשן האָבן אָנגעהויבן רחמנות צו האָבן נישט נאָר אויף מענטשן אַליין, היינט זיי נישט פֿײַנט צו האָבן, נישט צו פּײַניקן, נישט צו מאַטערן ווי דעם קאָפּ מיט דעם לעבן, ווי אין די אַלטע יאָרן, נאָר אומגליקלעכן צו באַטראַכטן פֿאַר אַ ברודער, פֿאַר אַ חבר, פֿאַר אַ פֿרײַנד, מען קען שוין הילוק נישט צו מאַכן, פֿון וועלכן לאַנד און פֿון וועלכער נאַציע ער מאַג זײַן זײַן; נישט נאָר מיט מענטשן אַליין, נאָר איך, האָט מען היינט אָנגעהויבן זיך צו בייגן נישט מיט רחמנות און מיט מיטגעפֿיל, נאָך מער אַפֿילו מיט בהמות, אַפֿילו מיט ווי געפֿינט מען זיך היינט נישט באַרמהערציקייט און מען באַטראַכט ווי פֿאַר נאָענט געשעפֿטן, און וואָס דערביי

פֿאַרדינט מאַכן מיט רעכט היינטיגע צייט דעם נאָמען: „די צייט פֿון מעגושמ׳ליכקייט".

— מליצה, מליצה, מליצה! פֿאַלט מיר די שקאַפּע אַריַין אין די רעד מיט געשפּעט. יעדער שטיקל מעגושמ׳ליכקייט! האָסט געמיינט אויך צו־צופּעלען, אַז היינט געפֿינט איינער ביי דעם אַנדערען אַרויס דאָס לעבען יעדער מינוט, גיך און באַלד, מיט גוטע ביקסלעך און קלוגע המצאות, וואָס דער פֿאַרמעהרצייגער דור האָט, לטובה פֿאַר די מענשען, אויסגעטראַכט!

— וואַרט נאָר, וואַרט, — שריי איך פֿאַרפֿלאַמט, — און לאָז זיך דינען! וואָס טויג מיר, וואָס דו רעדסט! הער אָקאָרשט ווייטער, ווייטער, און זיי מיך נאָר נישט מבולבל. ביי וואָס בין איך געבליבען שטעהן? יאָ ביי דעם:

„היינטיגע צייט פֿאַרדינט מיט רעכט דעם נאָמען: די צייט פֿון מעגושמ׳ליכקייט." דער כבוד פֿאַר אַלערליי מדות טובות קומט אייך, רבותי, אייך, טייערע, דימענטיגע און גאָלדענע מענשען, אייך, פֿירער פֿון דער בעריהמטער חברה „צער בעלי החיים"! דורך אייך זעהען דאָך געוואָלדען געוואָרען אַזוי פֿיעל לעבעדיגע בעשעפֿעניש, אַזוי פֿיעל בהמות אַזוי פֿיעל עופות, דורך אייך בעטראַכט מען זיך שוין היינט מיט זיי בעסער, מענשליכער, אויך מאַנכע פֿייגעלעך, שלאַנגען, אַנטאָן לייד! אוי־מעקום, אויף אַלע וועגען, אויף אַלע שטראָסען, אין אַלע שטעדט, אין אַלע דערפֿער, אין אַלע לענדער, זעהען מיר היינט דאָ איבעראַל פֿאַרמ־הערצעדיגע מעשולחים, גוטע פֿאַרשטענדיגע חברה־לייט, וואָס גיבען גוט אַכטונג און רעכענען זיך מיט אַמליבען אָב פֿאַר אַ מינדסטע בעליידיגונג. חלילה־וחס מען זאָל היינט בעליידיגען!....

— מליצה, מליצה, מליצה! — האָט די שקאַפּע ווידער איבער־געשלאָגען מיט די רעד מיט אַ גרויס געשפּעט. — אַז וואויל איז אייך, לעבעדיגע בעשעפֿעניש! אַז וואויל אייערע קינדער, וואָס איהר לעבט אין אַזאַ דור, וואָס גוטע חברה־לייט זאָרגען זיך פֿאַר אייך! טאַנצט, בהמה׳לעך, טאַנצט!... און דער בייזער, זיי מוחל, גייט אַריין, ווערט־דו הערשען צו קאָנצערט, העפֿט פֿערדען און שטיער, וויי נידעריגער, ניעדער, אינדיקעס וכדומה העבען, שפּרינגען און גאַלמעלען זיך פֿאַר גרויס פֿרייד! דאָרט שטעהט פּלוצלונג בן־זונד׳ל, דער מלך פֿון אַלע בעשעפֿעניש, עפּיס

פּאַריער, אַ שטייגער, אין אינדיען? טאַקי עפּעס מיני מענשען, פאַר־
רעכענט אַזוי פיעל ווי די הינט... וואָס הייניגען דען געוועזען יענע, וועלכע
עס האָבען אַמאָל געאַרבייט „פאַנטשטשינע" — דאָרט אין אַמעריקאַ?
איך עפּיס נישט קיין מענשען, נישט קיין בהמות, נאָט־דאָ געדאַכט!
וואָס בעדאַרפט איהר מעהר, האָט דען עס־שט נישט לאַנג איינער אַ
פּוויכער יעזואיט, פּאַטער בורגשטאַללער אין דער שטאָדט פּעלד־
קירך, פאַר גרוים כעס נישט געשטעלט דעם בערידמטען חכם אַלעק־
סאַנדר פאָן הומבאָלדט אין דער מחיתה פון די בהמות?
ער האָט פּשוט געמאַכט דעם דאָזיגען חכם פאַר אַ חיה, פאַר אַ בהמה!
אַ טם וואָס מען האָט בייצייטענס זיך אַרומגעקוקט, זיך שטאַרק אויסגע־
לאַכט, איז דערפון גאָרנישט געוואָרען... נאָר איך וויל מיך דאָ אָבער
נישט אַריינלאָזען אין חקירות, אין די הויכע דרכים. אַזוי צי אַזוי, נאָר
קנה זייט וויסען, אַז אין אונזער קאַנט איז דאָ אַ מין בעשעפעניש, וואָס
עס קוקט, נעבעך, שרעקליך אָב. דער וואָס בעדאַרף, אַרבייט דערמיט
מעשים, האָט פון דעם הנאה; עס געהט אין דעם יאָך און טראָגט משא
איבער די קרעפטען. פונדעסטוועגען בעגעהט מען זיך מיט איהם זעהר
שלעכט, היינו: מען האַלט דאָס בעשעפעניש אָבגעזונדערט פון דער
שטאָדט־טשערעדע, גלייך ווי עס איז אַ זאַראַזע. לאָז עס ערגיץ חאַפּען
אַ לעק, עפּיס אַ פּיסען, רייצט מען אין הינט, מען שרייט: גוואַלד, עס
געהט אין שאָדען, — און עס שיטען זיך אויף דעם שלימזל קלעפּ פון
אַלע זייטען. אַ סך חברה־לייט רעדען עס צו און — אַ חידוש! — זיי
מאַכען זיך נישט וויסענדיג, גלייך ווי אַזעלכעס איז הפקר געהער זיך
כלל מיט דער חברה נישט אָן. איך האָב מיך געפּרוווט אַ פּאָר מאָל
פאַר איהם אַרויסשטעלען זיך, האָב איך געהאַט מיין ערליך אויס־
קומעניש. גוואַלד, וועל איך שרייען, וואָס טהוט זיך דאָ אַזוינס?!
אָנגענומען אין דער סברא, אַז דאָס בעשעפעניש, פון וועלכען איך
שרייב דאָ, איז טאַקי נישט מעהר ווי אַ קליאַטשע, אַוועקגעלעגט שוין
אַלע אַנדערע זאַכען אין דער זייט, אָבער פאָרט איז זי דאָך גאָטס
אַ בעשעפעניש, נישט ערגער פון אַנדערען קליאַטשעס. עס איז אויף
איהר, נעבעך, אויך אַ צער בעלי־החיים!...

און איהר, באַרמהאַר־...ציגע נבאים פון דער טייערער חברה, וואָס
איער רחמנות איז אַזוי גרוים אויף אַלע חיות, אויף אַלע בהמות, דער־

באַרמט אײַך אױך איף דער װיסטער, אומגליקליכער קליאַטשע! שטעהט איהר בײַ אין איהרע נױטען און נעהמט זיך אָן איהר קריװדע, שפּרײט אױף איהר אױס אײַערע פליגעל און לאָז זי דורך אײַך אױך געהאָלפען װערען. לאָז זי, שלימזל'דיגע, נעבעך, אױך װיסען, אַז הײַנטיגע צײַט איז נישט מעהר הפקר א װעלט. עס איז דאָ א חברה „צער בעלי החיים!".

---

## דאס פערצעהנטע קאפיטעל.

# א ענטפער, וואס דער קאמיטעט האט אויפגעטאן אין דעם דאזיגען ענין.

די לעצטע ווערטער פון מיין בריעף: „היינטיגע צייט איז נישט מעהר הפקר א וועלט, עס איז דא א חברה „צער בעלי חיים!" האב איך אויסגעלאזט אויף א קול, אזוי הויך, אזוי שטארק. אז עס האט אזוש געהילכט אין דעם גאנצען וואלד, גלייך ווי די אלע בעשעפעניש דארט האבען אנגעקוואלען הערענדיג אזעלכע ווערטער, פאר שמחה זיך ארום-גענומען, איינער דעם אנדערען געזאגט „מזל טוב!" מיט אזא גוטער בשורה און א געשריי געמאכט: עס זאל לעבען און געזונט זיין די חברה צער בעלי-חיים! דעם נאמען פון דער חברה האב איך באמת געהערט זיך איבערחזרענדיג גאנץ קלאר אין דעם וואלד. די שקאפע אבער האט געשוויגען, געשאקעלט דעם קאפ און געקוקט אויף מיר מיט א שמיי-כעלע. עפעס ווי איינער זאגט: אי, ביסט-דו א לעקיש!... מיך האט דאס אפילו אביסעל פערדראסען, איך האב אבער ביי מיר געטראכט: עט, זי האט און שרייבען א קליינע ידיעה... פארט, לא עליכם, אזוי פיעל יאהר א קליאטשע.

אז האב מיך א קראץ געגעבען אין דער פאטיליצע, צוגענומען נאך א בויגען פאפיר און געשליינגט דאס, וואס דער קאמיטעט פון דער חברה האט מיר געענטפערט.

„און אינזער תשובה אויף אייער בקשה מכח דער קליאטשע, אודער דעם בעשעפעניש, וואס מיר קענען גאר נישט פארשטעהן, וואס פאר א מין שלימזל דאס איז, זעהען מיר, קאמיטעט פון דער חברה

„צער בעלי-חיים", אייך, ליבהאַרציגער האַר, מודיע, אַז אַ חוץ אייך ועגען שוין צו אונז אָנגעקומען אַ סך פּראָשעניעס פון פערשידענע מענשען אַלץ מכח דיזער האָריגער קליאַטשע. אַ טייל קלאָגען זיך אויף די ראָתינע, וואָס פּייניגען זי, בעשרייבען איהר שלעכטע לאַגע און בעטען רחמים, אַז מיר זאָלען נעמען בפירוש אַ בעמיטעל צו איהרע חברה-לייט, אומעטום, וואו די קליאַטשע געפינט זיך, זאָל מען מיט איהר זיך בעגעהן מענשליך, אַזוי ווי מיט אַלע אַנדערע בהמות און בעשעפעניש, וואָס שטעהען אונטער אונזער שוץ, נאָר אָהן אַ שום אונטערשייד; מיר זאָלען איינמאָל פאַר אַלע מאָל אָנזאָגען, אַז אין דעם דין פון רחמנות זענען בכלל אַלע בעשעפעניש גלייך, אפילו די קליאַטשע אויך, און אַז מען זאָל איהר, ווי עמיצער בעהאַנדעלט זי שלעכט, זאָל מען מיט איהם טאַקי אויף דעם אָרט זיך אָבּרעכענען כפי הראוי. צווישען דעם ראָתינען טייל געפינען זיך אויך אַ אַזעלכע, וואָס מאַכען פון דער קליאַטשע אַ גאַנצען פירוש, פּלאַפּלען און פּלוידערען איבער איהר עפּיס משונה ווילדע הגדות, פּונקט, מחילה, ווי איהר, ליבהאַרציגער האַר. אַקעגענישע ווידער אַ טייל שרייבען פאַרקעהרט. „איהר קענט נישט און איהר בעדאַרפט נישט", זאָגען זיי צו אונז, „זיך איינשטעלען מיט די ראָתינע, וואָס דערלאַנגען אַזעלכער אַמאָל אַ קלאַפּ, דער קלאַפּ איז וועדער טויט, מען קען נישט אויסקומען אַנדערש". לויט זייער זאָגען, פּירט זי זיך אויף עפּיס משונה ווילד, איהר נאַטור הילוך איז נישט ווי עס בעדאַרף צו זיין. ווייל מען זי איינשפּאַנען, ווי דער שטייגער איז, שטעלט זי זיך אויף דיבאָב, זאָגט קוממיות — פערקוקט מען זיך אַמאָל, שפּרינגט זי אַרויס פון די האָלאָבלעס, וואַרפט זיך אַראָב די גאַנצע משא האָט ליעב שטילערהייט אַ פּיק צו טאָן, אַ ביס צו טאָן קליינע קינדער. זי מוז אויף זיך האָבען אַ בייטש, אָהן אַ שמיץ איז גאָר אוממעגליך מיט איהר אויסצוקומען. היינט דערצו איז זי נאָך אומריין. עס הענגט איהר נאָך אַ לאַטע קאָלטענעשאַטשע גריווע, עס יאַטרעט זיך איהר עפּיס אויף דעם קאָפּ, איז יאַרעשלעטוע. מען קאָן זי אויף קיין סברא נישט לאָזען זיין צווישען אַנדערע פּערד, זי וועט זיי נאָך זיכער אָנשטעקען. און וואָס צום אַרבייטען איז נגע, טויג זי בשום אופן נישט צו אַזעלכער אַרבייט, נאָר עפּיס צו נעוויטנע, נישט קיין שווערע מלאכות. צו די אַלע מעלות האָט זי נאָך שטאַרק ליעב צו גערהן און שאָרען. נישט איינמאָל

פערנעהמט מען זי צווישען די תבואות, וואָס זי פּרעסט, צוטרעט זיי און טהוט דערמיט די פויערען, נעבעך, שרעקליכע היזקות אָן, בשעת אַנדערע פֿייגעל, אַ סך שענערע, בעסערע פון איהר, פיטערען זיך גאַנץ פיין, ווי עס געהער צו זיין, אויף דעם גרינעם גראָז. עס איז דעריבער מסוכן אַזעלכע צו האַלטען אין דערפער. איהר בעדאַרפט אייך, כ'לעבען, גאָר נישט וויסטעריג מאַכען, נישט זוכען זיך צו יענעם, וואָס איז אַמאָל זי מכבד מיט אַ קלאַפּ. נישט אויף אומליכען קאָן די חברה רחמנות האָבען. זי פערדינט, נישקשה, דעם קלאַפּ. זי איז אַ אָנשיקעניש, אַ פּלאָג פון דיין ליבען גאָטען!"

ביי דער קליאַטשע, נעבעך, האָט זיך אַרויסגעריסען אַ זיפץ טיעף פון דעם האַרצען, זי האָט אויפגעשטעלט די אויערען, אויפגעעפענט דאָס מויל, הערענדיג אַזעלכע מסירות, אַזעלכע בלבולים אויף איהר. איך האָב אַביסעל מפסיק געווען בכדי צו כאַפּען דעם אָטהעם, דערנאָך האָב איך ווייטער געלייענט:

„נאָכדעם אַז מיר, קאָמיטעט, האָבען גוט אויסגעהערט ביידע צדדים און פון אונזער זייט אויך פערנומען וועגען דער קליאַטשע שטילערהייט „סוויעדיענ'יעס" דורך אונזערע חברה-לייט, האָבען מיר די גאַנצע „דעלע" מכח איהר מיט אַלע פּאַפּירען איבערגעגעבען אַ בעזונדער קאָמיסיע, זי זאָל עס חיכטיג בעקלערען און געפינען גוטע מיטעל, ווי מען זאָל די זאַך פערקנעסערן. די קאָמיסיע האָט אין דער זאַך שטאַרק געאַרבייט, און פון איהר זייט אויך חוקר ודורש געווען ביז זי איז, ברוך השם, געקומען אויף אַ שטייגער.

— עס ווערט שוין אַ מאָל איין עק, אַ סוף נעהמען די פּוסטע רייד? — האָט די קליאַטשע אַ פרעג געטאָן, עס ווערט, כ'לעבען, נישט גוט הערענדיג.

— נישקשה, וועסט באַלד הנאה האָבען, האָב איך געענטפערט און ווייטער געלייענט:

„אין איהר „דאָקלאַד" האָט די קאָמיסיע אונז פאָרגעלעגט איהר חות-דעת מיט די דאָזיגע ווערטער: קודם כל, זאָגט זי, זאָל מען דער קליאַטשע אַראָפּנעהמען די קאָלטענעס, לאָז זי באמת ווערען אַ ביסעל רייניער. בכדי אויסצומיידען אַ סך סכסוכים וועגען דעם ענין און צו פערבעסערן איהר צושטאַנד אויף להבא, מוז מען, נאָך אונזער מיינונג,

זעהן, זי זאָל נישט זײַן אַזוי מטורעפט, מען בעדאַרף איהר שטעלען אַ גאַנג — זי פירען און אויסלערנען, װי צו שטעלען אַ פוס און נאָך זאָגען. דענסטמאָל ערשט לאָז זי זיך בענוצען מיט איהרע רחמנות; ערשט דענסטמאָל, אַז זי װעט קענען די אַלע קונצען, װעלכע מען פער־לאַנגט פון אַ געלערנטער קליאַטשע, דענסטמאָל װעט די חברה איהר ביישטעהן און נישט צו־לאָזען, מען זאָל זי גראָב בעהאַנדלען. דערװײַל מוז מען אַכטונג געבען, אַז פון די פערדער מיט תבואות לאָז זי, בכל־האופנים, זײַן אַביסעל דערװײַטערט, טאַקי פון איהר טובה װעגען. דאָס הייסט, װי די מעשה איז, גערעדט װי, אָדער געהיט זי נישט אין שאָדען, דערװײַל לאָז מען אויף איהר נישט אָנפאַלען...

דער דאָזיגער פּלאַן פון דער קאָמיסיע איז אָנגענומען געװאָרען און מיר האָבען שוין פון אונזער זייט גענומען אַלצדינג װאָס מעגליך איז איהם, מיט גאָטעס הילף, אין קורצער צייט אויסצופיהרען.

„אינדעם אַז מיר זענען אײַך דאָס מודיע, קענען מיר זיך נישט אײַנהאַלטען נישט צו דאַנקען אײַך, באַרמהאַרציגער האַר, פאַר אײַער געטרײַשאַפט, מיט װעלכער איהר דינט תמיד דער חברה, און פאַר אײַער גרויס רחמנות, מיט װעלכער איהר זאָרגט זיך שטענדיג פאַר די אומ־שולדיגע, אומגליקליכע בעשעפעניש, נעבעך. דער קאָמיטעט, נישקשה, האָט אַ אויג און פערשטעהט, אַזעלכע נוצליכע מענשען װי איהר צו שעצען. א. ז. װ.

קוים נאָר װאָס געענדיגט דעם דאַנק, װאָס דער קאָמיטעט גיט מיר, דערהער איך און װאַלד אַ געשרײַ. מיינענדיג, טאָמער איז עס דאָרט אַ חיה רעה, אָדער אַ גזלן, װייס איך װאָס און װאַלד קען זיך מאַכען! טהו איך מיך אַ האַפּ צו דער ברועם־קעשענע, רוק זיך אַרונטער בעסער אונ־טער די צװײַגען, און זיץ אין שרעק, אין אײַנע צרות. דאָס קול האָט װײַטער װײַטער געלאָזט זיך בעסער הערען און נאָך אין אַ פּאָר מינוט אַרום איז פון דעם װאַלד אַרויסגעפאָהרען אַ פויער מיט אַ גרויסע פוהר האָלץ. ער האָט געשריגען, געפלוכט און געשאָלטען, געשלאָגען טויט־שלעק זײַן קליין פערדיל, נעבעך, װאָס איהם איז שרעקליך שװער געװען צו שלעפּען אַזאַ משא און פלעגט זיך אַלץ אָפּשטעלען. עס איז מיר אַראָב װי אַ שטיין פון האַרצען. װי באַלד אָהן סכנות, בין איך

בעדאַרצט אַרויס פֿון דער בעהעלטעניש, צוגעגאַנגען צום פֿויער און זאָג אים:

— טשוויטשע! פֿאַר וואָס שלאָגסטו־דו אַזוי דאָס פֿערדל, טעטעך? אַ רחמנות, מען טאָר אַזוי נישט שלאָגען.

— שטשאָ ווין מאַס קאַזשעט נעמאָזשנאָ! — האָט דער ערל שטאַרק פֿאַרוואונדערט געענטפֿערט און זיך גענומען ווייטער צום פֿערדל, געבען.

— אָהן הענד! — מאַך איך שוין מאַכן אַביסעל אין כעס. — קיין ייִדר וואָלסט אים נישט טאָן.

— וואָס הערט דיך? וואָס פֿאַר אַ רעכט האָסטו־דו צו מישען זיך נישט אין דיין זאַך און נישט צו לאָזען מיך שלאָגען מיין חודאָבע? — ענטפֿערט מיר דער פֿויער מיט עזות.

— איך בין איינער פֿון דער חברה „צער בעלי־חיים”! האָב איך געענטפֿערט מיט גדלות און געמיינט, דער ערל וועט זיך איבערשרע־קען און אַראָפּכאַפּען דאָס היטעל.

— דער רוח זאָל דיך וויסען מיט דיין חברה! טשעפּע זיך אָב, משוגענער, צו אַלדי שוואַרץ יאָהר! איך האָב דאָ נישט קיין צייט צו טענה'ן. דעם וואָגען האָלץ בעדאַרף איך ברענגען אין דער שטאָדט נאָך גאַנץ פֿריה.

— דאָס פֿערדל אָבער קען נישט שלעפּען אַזאַ אָנגעלאָדענעם וואָגען.

— נו, שפּאַן זיך איין און העלף אים שלעפּען, אַז דו ביסט אַזאַ וואוילער.

— וואַרף אַראָב אַביסעל האָלץ.

— בעצאָהל מיר, וועל איך אַראָבוואַרפען.

— הערסטו־דו חכם! בעצאָהל אים! פֿאַר וואָס זאָל איך דיר בע־צאָהלען?

— צי ביסטו־דו משוגע, צי שכור, צי ביסטו־דו אַ לץ, צי וואָס? טפֿו! טשעפּע זיך אָב, הליחנע, צו אַלדע חזירות! — רופֿט דער ערל זיך אָן שטאַרק אין כעס און טהוט אַ שמיץ דעם פֿערדל.

— איך בין אַ חברה־מאַן! איך וועל דיך נישט לאָזען, הערסט־דו?

— איך וועל דיר פּרעסקען אַ ביין, משוגענער! צו אַלדי שוואַרץ

יאָהר מיט דייַנע חברות! האָט דער פויער געפּליכט, געשאָלטען און שוין געהאַט בדעה מיך אַ שמייַן טאָן מיט דער בייַטש.

איך בין נישט טויט, נישט לעבעדיג אַנטלאָפען און האָב זיך גע־שטעלט אויף מיין פריהערדיג אָרט.

## דאָס פֿופֿצעהנטע קאַפּיטעל.

# לעהרען זיך טאַנצען

אַ היפּשע צייט בין איך מיר געזעסען שטיל און דער צונג האָט מיר זיך נישט געלענגט צו רעדען אַ וואָרט. דערנאָך האָב איך מיך אַביסעל אויסגערוהט און אַ פֿרעג געטאָן די קליאַטשע:

— דאַ, וואָס זאָגסט-דו צו דער חברה? ווי גוט, ווי פֿיין זי איז! ווי זי האָט דיך אין זינען און וויל פֿערוואַרגען דיין תכלית! זי וויל דיר פֿערדריסטען דאָס מזל, אַז ווייטער זאָל מען דיך אַזוי שלעכט נישט בע-האַנדלען. נאָר דאָס ווענדט זיך אָבער אויך אַ סך אָן דיר. דיין גליק, דיין בעסטערע מערכה הענגט פֿיעל אָב טאַקי פֿון דיר אַליין. ווען דו וועסט פֿאָלגען, אָננעהמען אַלע באַשטימונגען, אַלע נעמען פֿון געלעה-רענטע פֿערד, וועסט דיר, אם ירצה-השם, שפּעטער זיין גוט. אָנשטאָט די גראָבע מלאכות וועט מען דיך געברויכען צו שענע און גרינגע אַר-בייט. ווער ווייסט, וואָס מיט דער צייט קען זיך מאַכען? עס קען נאָך ווערען פֿון דיר לייט און וואָלסט בעקומען נאָך אַ אַנדער פּנים. דאַ, וואָס זאָגסט דו?

איך בין ביי מיר זיכער געווען, אַז די קליאַטשע וועט נאָר אָנקווע-לען פֿון דער בשורה, עס וועט איהר פּשוט אַ שטיק געזונט צו-קומען, הערענדיג אַזעלכע ווערטער. זי וועט זיך אָנכאַפּען, ווי מען זאָגט, מיט הענט און מיט פֿיס און פֿאַר גרויס שמחה אָפּגעבען אַ האַנק און אַ לייב-דעם, וואָס איך האָב די הענט נישט געוואַשען, ווי אויך מיר, זיין שליח, וואָס האָב איהר אָנגעזאָגט אַזאַ גוטע בשורה. איך בין זיך מודה, אַז

מיר טוט עפּעס משונה ווילד הנאה, ווען איינער דאַנקט מיר פֿאַר אַ טובה, וואָס ער האָט פֿון מיר, אָדער דורך מיר, געהאַט, עפּעס פּ״ל איך מיך רעספּעקטאַבל, אַז איך בין זיין האַר און ער איז מיין קנעכט, איך בין דאָס דער פֿיינער מענש, דער בעליקער, דער בעל־רחמים, דער בעל־טובה און ער איז עפּעס... אַ נעבעך... מיר, פֿאַרשטייט זיך, קומט אַלצדינג, מיר קומט אי געלט אי אַלע תענוגים און אים וואָס?... לאָז ער זיך פֿרייען, וואָס אַזאַ מענש, ווי איך, האָט אויף אים רחמנות געהאַט און אים עפּעס געגעבן. ער וואָלט דאָך פֿון מיר נאָך געקענט האַפֿן נאָר אַ פּסק, אַ שטיינער, ער זאָל געניטן אַריינקומען צו מיר און געבעטן עפּעס אַ זאַך, וואָס אים באַדאַרף ער אין דעם לעבן, ביי מיר אָבער איז דאָס נאָר אַ שפּאַס, — רעספּעקטאַבל האָט מיר גראָד געקענט אויסקומען, אויף אים קרום אַ קוק צו געבן, זיך נישט צו לאָזן ריידן און צו פֿאַרהערן מיט דער נאָז אַזוי, אַז ער וואָלט קוים די מיר געטראָפֿן. מיט איין קוק וואָלט איך אים צעקוועטשט, ווי אַ פֿליג, און זיינע אַלע האָפֿנונגען, משמיינעס־געיאָגט, צעריסן ווי אַ שפּינוועבס. אינגאַנצן האָט עס זיך געווענדט מאַכן נאָר אין איין האָר. — בשעת אַזעלכער דאַנקט מיר, פֿיל איך, ווי גרויס, אַ פּנים, איך בין. עס דאַכט זיך מיר רעספּעקטאַבל, גלייך ווי ער איז מיר מחיה אויף די ברכות, ניט מיר אַפּ די וועלט, אויך יענע וועלט און זיך אַליין האָלט ער מיט רעכט מאַכן פֿאַר אַ גאָרנישט. מיר, פֿאַרשטייט זיך, קומט אַ גרינג לעבן, אָהן מיה, אָהן אַרבייט, אָהן האָרץ. ווערויף בין איך דאָך אַ פֿיינער, איידעלער מענש, און אים... אים איז עפּעס אַ אַנדער זאַך... מיר הענגען מאַכן ביידע פֿלייש און בלוט, פֿונדעסטוועגן איז נאָך אַ גרויסער חילוק צווישן בלוט און בלוט. איידעל בלוט איז פֿאַרט עפּעס אַנדערש. הייסט איך מאַכן אַמוטער ביידעמס טבע איך נישט גלייך, איך בין געוואָרגט געוואָרן ניט צו לעבן מיט אַלע תענוגים; זאָל מיר נישט זיין צו דער צייט דאָס גליקל קאַווע, דאָס גליקל טהעע אָדער לאָז מיר צו מיטאָג נישט דערלאַנגען עפּעס אַ געריכט און לאָז איך מיך אַ אַפּרייכן ביי אַ מאַן, בין איך פּשוט אויס מענטש; ער אָבער איז געוואוינט געוואָרן צו האָרעווען, ער איז פֿאַרטרעבט, אָהן אַ שום געפֿיהל. אַ גרימאַנס קושקע קלייבט נאָר נישט אויבער, האָט דאָרט פֿאַר גרויס, תאַמיש קרעמענעס, אַבי עסן... ווי קומט ער צו מיר ? בשעת עפּעס אַ געמיין

מענשעל, עפּיס אַ נויטמטערונטערטעניגער דאַנקט מיר מיט אַ ציטערדיגע קול, שטעה איך און שמייכעל מיר אַביסעל, עפּיס וועדער מיטונה, וואָס לאָזט זיך נאָר נישט צו בעשרייבען. עס ליגט אין דעם שמייכעלע אי ענוות אי גדלות, אי כלומר'שט ערענסט אי געשפּעט, אי צופרידענקייט, אי אַ שטאָף פון זיך אויף אַ מייל, אי מחילה־תיתי אַ רחמנות, אי מחילה־תיתי אַ רוח אין ידין טאַטען, אי רשות יענעם צו ריידען אי אָנצוהערעניש: פונדעסטוועגען דרך־ארץ! אַז איך שענק איהם דעמאָלט אַ קוק, דאַכט זיך מיר, ער איז זיך פּשוט מחיה; שענק איך איהם נאָך עטליכע ווערטער, לאָז מיך צו איהם אַראָפּ און זאָג איהם פאַר גוטסקייט מוסר, ווי, אַ שטייגער: מען בעדאַרף אַרבייטען, האָרעווען, פערדינען ביי דעם גראָשען מיט שוויס, מען בעדאַרף זיך נישט פוילען, מען בעדאַרף לעבען מיט חשבון; אָדער איך מיש מיך גלאַט אַריין אויף גאַנץ בעראַטה, מיט עצות און זיינע זאַכען און זאָג מיר בויך־סברות, אַט אַזוי בעדאַרף מען דאָס און דאָס מאַכען, דאָס און דאָס שרייבען, אַזוי איז גוט, אַזוי איז שלעכט וכדומה דעות גאָר אָהן אַ שום טעם – דאַכט זיך מיר, קוועלט ער פּשוט אָן, ער האַלט אויף מיין איטליכס וואָרט נאָך אמן און דאַנקט מיר פאַר מיין זיסען מוסר, פאַר מיינע קלוגע עצות. איך מיין, אַז אין דרייסען זענען מיר גלייך אַ סך גבירים, אַ סך באַרימהאַרצעריגע, גרויסע לייט. איך דערקען עס תמיד אין זייער פּנים, אין זייער שמייכעלע, אין זייער שיינענדיגע אייגעלעך, אין זייער דבור, אין זייערע עצות און אין זייער מוסר־זאָגען. נאָך בעסער ווייזט זיך עס אַמאָל אַרויס אין זייער האַנד־געבען. האַלט זיך אין פּלוג, וואָס איז אַזוינס אַ האַנד־געבען? ביי פּראָסטע מענשלעך איז דאָס פּשוט, מען גיט יענעם די האַנד, מיט אַלע פינגער, ווי די איז, גאָר אָהן חכמות. ביי די פיינע מענשען אַקעגען שטעקט אין דעם האַנד־געבען גרויסע חכמות, מען גיט די אויף פילערליי אַרטען; און איטליכער אַרט ליגען גאַנצע הלכות, עס ליגט דרינען אַ גאַנץ לשון. בשעת איך בין געוואָרען אַ פיינער מענש, האָב איך אויסגעקלערט די חכמות פון אַ האַנד־געבען, אַ לאַנגע, לאַנגע צייט. אַז גאָט וועט מיר שענקען געזונט און לעבען, טראַכט איך אָפּדרוקען וועדער אַ דיקען ספר, אין עטליכע חלקים, מיט דעם נאָמען „חכמת־היד". דער ערשטער חלק שמועסט פון טעהמיען. מילא דאָס איז אַ קליינע זאַך, איין כלל אויף תמיד, פאַר איטליכען גלייך, אַז נעהמען

בעדארף מען מיט דעל גאנצער האנד, און אויב עס לאזט זיך, איז מען
זיך אומעטום נוהג צו נעהמען מיט ביידע. די גאנצע שוועריקייט ליגט
אין געבען. דערויף שטעלען זיך אלע מפרשים, דרינען זענען דא טוי-
זענט פירושים, און דאס איז דער עיקר אין דעם ספר. איך בין זיכער,
אז די וועלט וועט פון דעם ספר א גרויסען נוצען האבען, בפרט יענע
מיני מענשעלעך, וואס ווערען פלוצלים אויסגעריכט, וואס ווילען זעהר
שפּילען א ראָליע, און אלע ואסען נאָכצוטאָן די גרויסע לייט, די פיינע
בריות; ווי אויך יענע מיני נקבות, וואס ווארפען פּלוצלים אין די על-
מטרע יאָהרען פון זיך אראב דעם שלייער, פוצען זיך אויס נאָך דער
לעצטער מאָדע, מאכען חן, בלאָזען פון זיך זעהר שטארק און ווערען
פון דער וועלט דער הויט גאנצע דאמען!..

היינטיגס מאָל אבער איז מיר נישט בעשערט געווען הנאה צו
האבען. די קליאטשע, ווענית וואס זי האט מיר נישט געדאנקט, האט זי
נאך, ווי עס האט אויסגעוועהן, אפילו נישט געוואָלט הערען מיינע רעד.
זי האט זיך אוועקגעקעהרט נאר אין דער זייט און געטעסקען גראָז מיט
אזא מינע, ווי זי האלט לחלוטין נישט געוואוסט, אויב איך געפין מיך
גאר דא נעבען איהר. דאס האט מיך אביסעל געארט, איך האב איהר
נאך אמאל איבערגעחזרט מיינע פריהערדיגע ווערטער, זי האט טאקי
ווייטער זיך נישט וויסענדיג קעמאכט און געטאן איהר זאך, ווי אייטער
רעדט: וואס ארט מיך, אז יענער פלוידערט? אז יענער וויל מיך לערד-
נען? — אזא בעליידיגונג האב איך שוין נישט געקענט אויסהאלטען.
וואס הייסט? עפּיס נארישקייטען דערצעהל איך דא? איך שמועס דאך
מבת השכלה, מכח בילדונג!... עס האט מיך אונטערגעטראָגען, פאר
וואס דאס איז ביי איהר עפּיס נישט אזוי אנגעלעגט. איך האב זיך אויס-
געשטעלט געשווינד אויף די פיס, מיך אומגעקעהרט מיט דעם פנים צו
דער קליאטשע און איהר געזאגט א גאנצע דרשה.

— איטליכען איז בעקאנט, האב איך געזאגט מיט פייער, איטלי-
כען, פון קליין ביז גרויס, איז בעקאנט, אז אלע חכמים פערגלייכען די
בילדונג אָדער געלעהרענקייט צו דער ליכטיגקייט: ותורה אור, און די
געלעהרענקייט איז ליכט, זאגט אויך דער פסוק. אבער דאס גראָבקייט
און דאס נישט-געלעהרענקייט פערגלייכען זיי צו פינסטערניס. א געפיל-
רעמען איז ליכטיג און די אויגען, און אלע זיינע רמ"ח אברים. די

בילדונג ניט אויסליכען, אקוראַט ווי דאָס ליכטיגקייט, גליק און לעבען. וועֶר עֶס איז נאָר געבילדעט, לעבט זעהר גליקליך און עושר, און כבוד. ער האָט תענוג פון דער וועלט און די וועלט האָט גרויס תענוג פון איהם, אויסליכער האָט איהם משונה ליעב, געהט נאָך איהם פשוט אויס. מוען ניט איהם דאָס שענסטע, דאָס בעסטע, אפילו דאָס טעלער פון דיעם הימעל נעהמט מען איהם אראָב און מען טראָגט איהם צו פון פייגעלמילך. הכלל, עס איז איהם גוט, גוט, נאָר גוט. גבירים, רייכע לייט, קוועלען פון איהם נאָר אָן, זעהען פשוט זיך מחיה און לעקען די פינגער פון זיינס א ווארט. אויסליכער שלעפט איהם צו זיך ווי א טייערען בריליאנט, און לאָזען זיי מאכען א באל, א מיטאג, אָדער עפּיס א קערימעניעל, שטעהט ער ביי זיי אין צעטעל דער ערשטער, ווי א שפּיגלע. די פארשטעהען, נישקשה, אז טאקי געלד איז שמעלט. הייגט איז עס דאָ, מאָרגען נישטאָ, אָבער ער — ער אליין איז געלט, ער איז גאָלד און זילבער. וואָס טויג איהם געלד? וואָס טויג איהם צירונג? אז ער אליין גילט ווי א מטבע, אז ער אליין איז א אבן־טוב! לאָז ער פריוועען עפּיס בעטען א הלואה וכדומה, דערפילען זיי תיכף־ומיד זיין בקשה מיט גרויס שמחה, וועלכער נגיד, א שטייגער, וועלכער רייכער מאן האָט אין זיין לעבען, אמאָל און עפּיס א זאך א געבילדעטען אָבגעזאגט? וועלכער, אדרבא וועלכער? — איך מיין טאקי קיינער נישט! קלאָגט זיך אויף זיי גראָד און דער זאך וועמיטער, איז ער זיכער א ליגנער, און אויב ער איז בעקאַנט פאר נישט קיין ליגנער, מוז דרינגען אודאי עפּיס זיין, איינער דעם אנדערען האָט, א פנים, נישט געמוזט פארשטעהן, ביידע האָבען געמוזט א טעות האָבען... די אריסטאָקראַטען, דאָס הייסט, די פיינע לייט, וואָס פערדרייען די נעזן און בלאָזען פון זיך תמיד, גלאַט אזוי אָהן א שום טעם; וואָס פערלאַנגען, אז אויסליכער זאָל פאר זיי האָבען אָבשיי, צוליעב זייערע מאָרנע היידען, שטאָלצוועלטען וכדומה, צוליעב זייער מבינות אויף שענער סחורה און אויף אלע נעשמאַקען זאכען, ווי אויך צוליעב זייער גוטען מיטאָג, וואָס און איהם קומט אריין מעהר אביסעל פלייש מיט שמאַלץ און מעהר מיט א געריכט, ווי ביי דעם געמיינעם עולם — אָט די אָבגעפיינטע מענשעלעך, זאָג איך, לויפען דעם געבילדעטען אַקעגען און געבען איהם גרויס כבוד אָב. אפילו יענע מיני דאַמען, וואָס מאַכען שמאַק חן, אזוי אז ביים צו־

נעבן זיי אַמאָל ווערט מען בטל, מען מיינט זיך עפּעס משונה, מען ווייסט נישט ווי מען זאָל שטיין, ווי מען זאָל זיצן, וואָס מען זאָל אַהינטאָן די הענט; מען ווערט עפּעס אַזוי צעמישט, אַז מען רעדט בוי. בערך און מען וועגט זיך מיט אַזעלכע ווערטער; עס פֿאָדערט זיך עפּעס דאָס קול, עס רוישט עפּעס אין די אויערן, אַז מען הערט כמעט אַליין נישט, וואָס מען רעדט! יענע מאָל האַמאַן, וואָס אין זייער גע־ זעלשאַפֿט בענעמען זיך אַפֿילו די גאַנץ וואוילע מיט עפּעס אַ געצוואונ־ גענער אומבאַהאָלפֿענקייט, האָס הייסט אויף פּראָסט יידיש, זיי מוזן זיך אָן אַ כּח, צווינגען זיך, אַז זייער בענעמונג זאָל אויסזען נישט געצוואונגען, כּלומרשט פֿריי וואָס מיינען, אַז זיי בעגליקן יענעם מיט אַ וואָרט, מיט אַ קוק, וואָס טראָגן אויף דעם קאָפּ ווינטיגע זאַכן, פֿאַצע מערג... אַ פּאָר פּרעטענזיע האָר און אַ וואַלד שמאַטעס־בלומען, אַפֿילו זיי האַלטן זיך אויף דעם געבילדעטן און קוקן דיך מיט זייַן אומגליכס וואָרט. בעדאַרף עס רעדן טאַקע אַזוי נישט צו זייַן? זאָגט עס דען אויך נישט דער פּסוק? ער זאָגט: אשרי אדם, אַז וואויל איז דעם מענטשן, מצא וועלכער האָט געפֿונען חכמה, חכמה! פֿאַר וואָס? וואָרום כי טוב סחרה, איר האַנדל איז בעסער מסחר כסף, איידער מיט זילבער, בשמאלה, און איר לינקער האַנט עושר וכבוד איז עושר און כבוד. נו, בעדאַרף מען נאָך האָבן אַ פֿעסטערע ראיה ווי אַ פּסוק?... איך וויל דאָ נישט זעהר מאַריך זייַן, אויסצוווייַזן פֿון דער וועלט, ווי שלעכט, ווי פֿינסטער עס איז די נישט־געקלערטקייט, ווי שלאַף און האַרשלאָגן זיי זענען, נעבעך, ווי מען לאָזט זיי ערגיץ נישט פּשוט קיין קאָפּ אויפֿהייבן, ווי זיי לייַדן און קומען, נעבעך, אָבער ניין! איצט וויל איך דערפֿון נישט רעדן, איך וויל דאָ נישט מער בעווייזן, ווי גוט די בילדונג איז, און דערפֿון וויל איך אַרומקומען אויף דיר, דו זאָלסט פֿאַרשטיין, ווי עס בעדאַרף ביי דיר שטאַרק אָנגעלעגט זייַן דער פּלאַן, וואָס מען וויל דיך...

נאָר מייַן קלאַטשע אָבער האָט אין מיטן דעם שמועס פּלוצלים זיך אויפֿגעשטעלט און אָנגעשטאַנען ווייטער אַביסעל, זיך גענומען שמעקן גראָז, גאַנץ קאָלטבלוטיג, קיין קוק אַפֿילו נישט צו טאָן אויף מיר. איך אָבער האָב נישט געוואָלט שווייַגן, עס איז מיר שוין מעגאַנבען אין נצחנות, עס האָט מיך שוין טאַקע גוט פֿאַרדראָסן, עפּעס וואָס בין איך,

אַ יונגעלע, וואָס עפּיס בין איך? עפּיס פֿלוידיער איך, וואָס? איך האָב איהר האָטש פּונדערווייטענס, האָטש זי האָט נישט געוואָלט הערען, אַלץ געזאָגט ווייטער מיין שמועס מכח איהר און אויסגעלאָזט אויף אַ קול מיט דעם פּסוק: אם תאבו, אויב איהר וועט פֿאָלגען ושמעתם און איהר וועט הערען, טוב דאָס גוטסקייט הארץ פֿון דעם לאַנד תאכלו וועט איהר עסען!...

## דאָס זעכצעהנטע קאַפּיטעל.

# קיין טאַנץ געהט נישט פאַר קיין עסען.

---

אָבגעטאָגעוועט דאָס, האָב איך מיך אין פערשוויצט, מיט א פערפלאַמט פּנים און אַ געשוואָלענ'ען האַרץ מיך א וואָרף געטאָן אונטער'ן בוים.

די קליאַטשע איז ביי מיר געווען שטאַרק אָבגעריסען נאָך אזא אויספירונג. איך האָב זי געהאַלטען פאַר א פערפאַלענע, א פערפאַלענע אויף אייביג. עס וועט שוין פון איהר קיין לייט נישט זיין, שוואַרץ זאָגען א פּנים מאַכען געקריבען, א העלפט איז מאַכען נישט משוגע, מסתמא איז זי מאַכען אַ שלימזל, אַ פאַרשלעפּטע קרענק פון זיין ליבען נאָמען. וואָס וועל איך דאָ באמת זיך נאַנטשען מיט איהר? איך וועל נאָר וואַרטען אַביסעל, האָב איך געטראַכט, ביז וואַנען עס וועט רעכט טאָג ווע-רען, דערנאָכדעם וועל איך פון איהר ענטלויפען, וואוהין די אויגען טרא-גען, אפילו פאַרטשעפען קומען „ווי-שעגוגמי" און מיט איהר זיך נישט גע-זעגענען, לאָז זי זיך טאָן, וואָס זי וויל. מיר געהערען זיך מעהר שוין כלל וכלל נישט אָן...

און אַזוי ווי איך זיץ דאָ, הער איך פון דער ווייטען, ווי א קול עפּיס אָנרופענדיג זיך צו מיר:

— יאָ, וואָס פעהלט עס אַזוי דיין ענטלויפען, ס'טייטש, אזא מענש ווי דו, זאָל ענטלויפען?

„די קליאַטשע איז מאַכען נאָר א מכשפה, די ווייסט, וואָס אין האַר-צען טוט זיך. זי האָט זיך, א פּנים, אָנגעשטויסען, אַז איך וויל פון איהר

ענטלויפן! — אזוי האב איך ביי מיר געטראכט מיינענדיק, אז דאס קול איז פון דער קליאטשע, וי רעדט דאס צו מיר, — מאך איך מיר א תם און ענטפער איהר שטאמלענדיק:

— וואס ענטלויפן?... ווער?... פאר וועמען?...

— פאר דעם פייער!

— א, פאר דעם פייער, פריינטשי, וואס איך בין ענטלאפן? — האב איך שוין רחמנות, — א פייער בלייבט טאקע א פייער, א פרא אדם. ער האט מיך נאך געוואלט שלאגן!

— ס'טייטש, וועמען שלאגן?! דיך? און די האסט איהם געשוויגן?

— נו, וואס האב איך דען געקענט טאן?

— אזוי־וי! דו קענסט נישט, ביסט ענטלאפן! און דאס פיינע פערדיל זיינע, נעבעך, האט ער טאקע אליין געשלאגן! ס'טייטש, אויף די וועגען, אויף די שטראסען זעהען דוך נישטא איערע בארמהאר־ציגע חברה־לייט?

איך בין געבליבן צעמישט און נישט געוואוסט וואס צו ענטפערן.

— טאקע, א פנים, די בעלי־רחמים'ס זענען בעלי־רחמים'ס און די אמשטענדיגע בעשעפעניש, די אומגליקליכע פערדעלעך ליידען, א פנים, אליין טאקע, נעבעך! א פנים, די היינטיגע שלימזלניקעס, וועלכע מען האט פריהער געפייניגט, פייניגט מען נאך אצינד! ס'טייטש, עפעס איז דען הפקר א וועלט?

איך האב פון די ווערטעל ארויסגעלאזט די נאז.

— וואס הייסט, „היינטיגע צייט איז דאך נישט מעהר הפקר א וועלט. עס איז דאך דא א חברה „צער בעלי־החיים“.

איך האב איהר נישט געקענט קוקען אין די אויגען און אוועקגע־דרעהט דעם קאפ.

— בשעת דו האסט פריהער ארויסגערעדט די היינטיגע ווערטער אויף א קול פון דיקע טאנצען הארציג, האט מען געקענט מיינען, ביל־ע־פען, אז איצט איז זיכער משיח־צייט! אט נעהמען זיך ציינען? אלע חיות און בהמות אנטאיינעם ווי ברידער, אט ווערען וועלף „פאני־בראטציע“ מיט שאף, ליעמפערטען וועלען הבר מיט ציגען, איינער בעט דעם אנדערען מחילה פאר פרידעדיגע זינד, פאר אמאליגע נארישקי־

מען; וואס ס'איז געווען, איז געווען, פון היינט אן וועל געמאכט ווערן נייע תקנות: די שארפע נעגעל מיט די שרעקליכע ציינער וועט מען אויסקלייבען אויף דער פאלעצע, אויס מארע צו פארניכטען בלוט, צו עסען יענעמס פלייש, ניטא מעהר קיין שטארקע מיוחסים, אלע זיינען גלייך, מען לאזט ארויס א פרעהליך קול: אורא, אורא! עס איז משיח-צייט, און ווי אלע פרעהען זיך און טאנצען, בעדארף נאר אנקומען א פויער מיט א פערדיל שלאגענדיג איהם מיט-שלעק — און ס'ווערט פארשטערט די גאנצע שמחה. איך בעט דיך וואס האט ער דיר דער פאראורם געהאגט?

די שפעט פון מיר! טראכט איך מיר און הארצען מיט פערדראס און ענטפער נישט קיין ווארט.

א פנים עס איז א טעות, עס איז נאר א פורים-שפיל, א ריינע קאמעדיע, כ'לעבען! דא זיצט א קאמיטעט פון א חברה „צער בעלי-החיים", זארגט זיך, שמועסט פון רחמנות, פון מענשליכקייט, און דארט פלאגט מען טאקי די אומגליקליכע בעסטעפעניש. ווער עס וויל, לאזט אן די פערדלעך מיט משא איבער זייערע קרעפטען און זעצט פון זיי די נשמה ארויס. מען העלפט זיי נאר, ווי עס רעדט אוים, מיט א גוט ווארט, מיט א היפך, מיט א קרעכץ: ס'איז נאר א ריין טעאטער, כ'לעבען! היינטיגע צייט פעדערינט טאקי מיט זעלכע היים טאמען: די צייט פון קרעכצען, פון רעדען, פון פלידערן.

— נענונ!— האב איך זיך שטארק צובייזערט, נישט קאנענדיג זיך מעהר איינהאלטען פון אזעלכע געשפעטערייען-גענוג, כ'לעבען צו שפעטען בשעת מען רעדט מיר דיר ערנסט, בשעת מען שמועסט מיט דיר מכח השכלה, מכח בילדונג.

—מיט אזהר רעדט מען ערנסט?!— בעקום איך א ענטפער אויף מיט א בייזער-טו, טא הער זשע-וואס לינסט אויסצוציהען ווי א נבלה אויף דער ערד?—הער זשע, וואס מען זאגט דיר מיט א פולען מויל. מיט אזהר, זאמטשארו, רעדט מען ערנסט!? קאפ און הער ווארד! אז די ציהסט פאר דער צונג, מוז מען דיר זאגען, אז די ביסט ווילד, דיינע ווערטער מיט די ברוטאליעך דיינע-משונה ווילד, און האבט זיך, נישט אנדערש טאקי, אז דו ביסט פארדריקט. אט דעם אומגליקליכען בעסטע-פעניש זאגט מען: לערען זיך אוים. פרעג איך דיך, ערשטענס, חכם

מײַנער, פאַר וואָס הייסט מען עס חוקא איהר? ווייניג וועגען דאָ אין דער וועלט, אַ שטיינער, נישט געלערענטע מערה, טאַקע אמת פּראָסטע, נישט דערצויגענע אין קיין שום זאַך אין מינדעסטוועגען, חוץ ווייער שאַרען, צאַ לעבען אויף איהר גערעכט געשאַרען! צווישענס, ווען זי קען, אמת, נישט די אָנשטעלען, ווי די אינדזעלע, פערצויגענע מערה, אָבער קיין גראָב מעדיל קען, מיינען זי, דאַכט זיך, פאָרט נישט רופען. און וואו שטעהט עס, אַז איבעליך מעדיל מוז חוקא האָבען אַ דיפּלאָם פון אַ דאָקטאָר? הדליטענס, אויב זי קען נישט הייבען פיסלעך און מאַכען יענע אָנשטעלען, ווי די דאָקטאָרישע מערה, אַ קאָגען-זשע דערפאַר האָט מען פון איהר מערה, אַ סך מעהר נוצען ווי פון זיי. יענע וועגען פטור פון אַלצדינג, ווייסען נישט מעהר ווי די קאָקעטע, ווי די יאַכט. מיט איהר אָבער אַרבייט מען מעיים, זי טראָגט אויף זיך אַלערליי משא. וואו איז דען איהר פלייש, איהר לייב און לעבען? זי האָט עס פערלאָרען אין דער אַרבייט. וואָס מען וויל, מעג מען זיך זאָגען, נאָר איהר מיה, איהר פּראַצע האָט וועהר, וועהר פיעל נוצען געבראַכט... פערטענס, וואָס פאַר אַ שייכות, איך בעט דיך, האָט וויסען און דאָס נייטיגע בעדערפעניש מיט בילדונג? מיט וואָס פאַר אַ יושר קען מען יענעם נישט לאָזען עסען, עטהמען פריי, סיידען בײַ ער ווערט זיך אויסלערנען עפּיס קונצען? איטליכעס בעשעפעניש, וואָס ווערט געבוירען, איז קודם-כל אַ לעבעדיגע זאַך, פערזאָרגט פון דער נאַטור מיט אַלע חושים, מיט אַלע אברים, מאַכט נאָר פון זיינטוועגען, כדי דורך זיי צו בעקומען אַלצדינג, וואָס עס בעדאַרף נייטיג האָבען צום לעבען. עס האָט, אַ שטייגער אַ מויל, אויף צו עסען, עס האָט אַ נאָז, כדי צו אָטהמען, עס האָט פיס, כדי צו געהן, נישט כדי צו טאַנצען, מאַכען וכדומה נאָך אַלערליי שטאַבטעליכען, דאָס זיינען נאָר אויסגעטראַכטע מעשיות, דאָס האָט מען אַליין זיך אויסגעטראַכט שפּעטער און צו טאָמען געגעבען בילדונג. איך וויל מיך דאָ נישט אַריינלאָזען אין חקירות, אויב די בילדונג מיט די אַלע קונצען וועגען גוט אָדער שלעכט; אויב דאָס אַלצדינג, וואָס מען לערנט, ווי אַזוי מען האָט עס צוזאַמענגעשטעלט, פון וואַנען מען האָט עס גענומען, אויב דאָס איז אַנטשטאַנען הייסט נאָר בילדונג. וואָרים מען רעדט דאָך אַ סך קונצען, וואָס אַ מאָל האָבען זיי געשטאַנען אין דער פּראָגראַמע, שטאַרק געשטאָלטען אין הייסט נאָר ווי מעהר נישט אָן; וויפיעל נאָך

קונצען, וואָס דאָס גאַנצע אָנהאַלטעניש זייערע, משטיינס-געזאָגט, איז אויף יענעמס געשמאַק, אויף יענעמס השערות; ווידער נאָך אַזעלכע, כלומר'שט ערנסטע קונצען, וואָס זענען געבויעט אויף יענעמס ווילען, אויף קאַפּריזען, אויף אַלערליי פערשימעלטע מנהגים; עס זענען דאָ אויך אַזעלכע מעשיות, וואָס לכתחילה האָט מען זיי געשטעלט אויף אַ הוי-כערש פּיסקעל, אויף דער פאַנטאַזיע, אויף דעם כח הדמיון; ווי אויך אַזעלכע מעשיות, וואָס זענען זיך סומך אויף פאַקטען, דאָס הייסט אויף דעם, וואָס אין דער וועלט האָט זיך פערלאָפען, נאָר די פאַקטען גופא זענען אָבער פאַרהערהט, אינטליגער דוערצעהלט זיי אויף איין אַנדער אופן, איטליכער קוקט אויף זיי אַנדערש, חוץ דעם ווערען זיי ווי-עס-איז אָפגעשילדערט נאָר פון הרויסען, אָבער מי-יודע, וואָס איננווייניג מהוט זיך? הייסט כעדאַרף מען דאָך טאַקי נישט פאַרנעמען, אַז יענע שוין כלומר,שט ערנסטע מעשיות לאָזען דאָך נישט מעהר הערען ווי שטו-קעס, אָנשטעלען, קינדערשפּיל, אינגאַנצען אַ פּוּ ף, אָבער פון יענע אין תוך אַריין גיטע המציאות, שעינע קונצען אַנטיק אין דער וועלט, פון זיי מאַכען די מעשיות עפּיס ניט אַזאַ צימעס... נאָך אַמאָל זאָג איך, אַז איך לאָז מיך דאָ נישט אַריין אין טיפע חקירות, אויב די ביל-דונג מיט איהרע קונצען האָבען אַ ממשות אָדער נישט, אויב זיי האָבען דער וועלט געבראַכט גליק אָדער אומגליק—אַזעלכע חקירות געהען מיך אַצינד נישט אָן. איך וויל מעהר נישט זאָגען, אַז זיי זענען נאָר ביי-זאַכען, בשעת געבוירען ווערען האָט דאָס בעשעפעניש פון זיי גאָר נישט געוואוסט, עס האָט איהם טאַקי באַלד זיך געגלוסט עסען, עטהמען און זיך בעוועגען נאָך איידער עס האָט נאָר געהאַט אַ רמז דרמיזה פון יענע אויסגעטראַכטע המציאות. מהיכא-תיתי, איהר קענט איהם נישט געבען די שעינע אַנטיקען, דאָס טייערע געשפאַן מיט די פליטערלעך וכדומה נאָך צאַצקעס און שפּילכעלעך, וואָס זענען פון אייך בעשטימט פאַר יענע מיני קונצען, אָבער עסען, פריי עטהמען און אַלע נייטיגע זאַכען, וואָס זיין גוף פאָדערט און וואָס אָהן דעם קאָן עס זיך נישט בעגעהן—דאָס אַלעצדינג מוזט איהר איהם געבען, עס האָט דער'וף אַ רעכט, איהר קענט עס ביי איהם בשום אופן נישט אוועקנעהמען. איהר קענט נישט דאָס בעשעפעניש האַלבע פערשפּאַרט, עס זאָל זיך נישט בעוועגען, וואָרום דורך דעם מוז עס ביסלעכווייז אָבשטאַרבען—נעהמט איהר דאָך

צו ביי איהם דאָס רעכט צו לעבּען; איהר מהאָרט עס נישט גלאַט פּייניגען, שלאָגען, זואָרום דורך דעם מוז איהם נעמען, ווען מאָן, עס קען נאָך ווערען אַ בּיטערע קאַליעקע—נעהמט איהר דאָך צו ביי איהם דאָס רעכט געזונדט צו זיין און הנאה צו האָבּען אין דעם לעבּען!..

אַך דו ציהסט שוין יאָ מאַר׳ן צונג, ווייל איך דיר מאַכי בּפירוש אַרויסזאָגען: איך בּין דיר מוחל דיין רחמנות! איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט אויסאַרבּייטען, מען זאָל זי נישט אַזוי פּלאָגען, מען זאָל זי געבּען איהר בּעדערפעניש צו דערהאַלטען די נשמה, מאַכי נאָר גלאַט פאַר רחמנות, ווייל עס איז פּשוט צער בּעלי-חיים. זי וויל אַפּילו נישט, דו זאָלסט אויסבּעטלען פאַר איהר אַלע נייטיגע זאַכען צום לעבּען אי מהאי טעמא, וואָס מען האָט און וואָס מען קאָן פון איהר האָבּען נוצען. דאָס זענען אַלטע מעשיות, אַלטע לידעלעך, וואָס איך האָבּ זיי שוין געהערט אין דער וועלט זינגען אין פערשיידענע צייטען. געוועהנליך, אַז די וועלט הויבּט ערשט אָן זיך אַרומצוקוקען, זיך בּעטראַכטען, דעמאָלט רעדט מען פון הומאַניזם, דאָס הייסט פון מענשליכקייט, פון רחמנות, פון בּאַרמהאַרציגקייט; שפּעטער אַבּיסעל, אַז די וועלט הויבּט אָן פאַמעליך פּראַקטישער צו ווערען, איז אין דער מאָדע צו רעדען פון אוטיליטאַריזם, דאָס הייסט, פון נוצליכקייט, פון דעם נוצען, וואָס מען קען פון דעם, פון יענעם האָבּען. ערשט נאָר שפּעטער, אַז די וועלט בּעקומט אַ שכל, אַ יושר, און פאַרשטעהט בּעסער דעם גאַנג פון דער נאַטור מיט אַלע איהרע בּעשעפעניש, דעמאָלט הויבּט מען אָן צו רעדען פון אמת, פון גערעכטיגקייט.—איך וויל גאָר נישט הערען קיין רחמנות, קיין נוצען,—רחמנות און נוצען זענען אַזעלכע זאַכען, וואָס די וועלט קען זיך אויף זיי נישט האַלטען. איך בּין גלייך ווי אַלע, זאָגט מיט רעכט דאָס דאָזיגע בּעשעפעניש, פלייש און בּלוט זענען מיר אַלע, אונזערע בּעדערפנישען זענען גלייך, און איין רעכט אויף צו לעבּען האָבּען מיר אַלע. האָט יענער אויף מיר רחמנות, הייסט עס אַזוי פיעל, ווי איך לעבּ נאָר אין זיין זכות; ער—האָט יאָ דאָס רעכט צו לעבּען, און איך—ניט! אינגאַנצען וואָס איך האַלט מיך, וואָס איך זשיפּע, האָבּ איך עס צו פערדאַנקען איהם, נאָר איהם,—און דער צייט אַז מיר בּיידע זענען גאַנץ גלייכע בּעשעפעניש מיט איינערליי בּעדערפענישען, לאָזט מיך יענער לעבּען, ווייל איך בּרענג איהם נוצען, הייסט

עס אזוי פיעל, ער איז דער תכלית, דער עיקר, און איך ליעב נאר,
מחמת דערמיט מיט איך איהם, פאר מיר אליין וואלט איך נישט בעד־
דארפט נאר בעשאפען ווערען. איך וויל אבער לעבען גלייך ווי אנדערע,
גלאט ווייל איך בין אויך א בעשעפעניש פאר מיר. פארשטעהסט־דו מיך,
מיין מליץ יושר, מיין בארמהארציגער האר? אויף אייער
בארמהארציגקייט און אויף דעם, וואס איהר קענט פון מיר האבען גע־
צעהן, דערויף קאן איך כלל מיך נישט סומך זיין. מאכען ווערט דיר,
צו אלדי שווארץ יאהר, פערשטאקט דאס הארץ, ביסט און א שלעכטער
לוינע, אדער איך וועל דיר איינמאל נישט קענען צו־שטעלען די צאהל
ציגעל אקוראט,—ווערסט־דו ברוגז, גיסט אויף מיר אויס דיין צארן—און
עס ווערט פלוצלים א תל פון מיר! צו איהר ווייסט מיט מיר זיך בעגעהן־
מען מיט גערעכטיגקייט, אזוי ווי איהר בעגעהט זיך מיט אנדערע, רעדסט
מאל, ווערסט־דו וועלען מיר שמייסען מכח קונצען. און נויטע אוס־
שמעטערען, און וואוילטאג, כהיום תיהי, קריכען און קאפ אויעלכע ווא־
כען. דו ווערסט אפילו פערשפארען מיר צו זאגען דערנאמאל דרשות. הא,
וואס זאגסט־דו דערצו, מיין הארינקע?

—וואס זאג איך? האב איך געענטפערט, איך זאג: נישט אנדערש,
צו דעל רוח רעדט היינט אויס דיר, טאקי נאר דער בית!

# דאָס זיבענצעהנטע קאַפּיטעל·

# אל תפתח פה לשטן.

---

אָט בין איך!—האָט זיך אָנגערופען עפּיס אַ אומבעקאַנטער פּאַרשוין פון אַ ווילד אויסזעהען מיט שטאַרק צושויבערטע האָר, און אַ רויט מיצעל אַרומגעשטעקט מיט פעדערן פון אַלע מיני עופות.—אָט בין איך!—האָט ער געהאַטש אַרויסשפּרינגענדיג פּלוצלים פון צווישען די צווייגען, זיך געשטעלט אַקעגען און אויסגעגלאָצט אויף מיר ווילדע גרויסע קעצישע אויגען.

נבהל געשתוממט בין איך געוואָרען, אַז איך האָב דערזעהן דאָ אין וואַלד אַזאַ מין פּאַרשוין. אַלע שרעקליכע מעשיות פון גזלנים זענען מיט אַ מאָל מיר אַרײַנגעקומען אויף דער מחשבה. דאָס איז זיכער אַ גזלן, האָב איך געקלערט. זיין געזונדטער קאָרק, זיין פּרצוף-פּנים און זיין שרעקליכער בליק האָבען אויסגעזעהן טאַקי גאָר ווי פון אַ מורא'דיגען גזלן, וואָס האָט אַ סך מענשען און זיין לעבען שוין אויסגעקוילעט. עס האָט מיר שוין זיך אויסגעדאַכט, ווי אָט גיט ער מיר אַ וואָרף און נעהמט אַרויס אַ גרויסען חלף. מחמת מורא האָט מיך שטאַרק געטיאָב· קעט דאָס האַרץ, געקלאַפּט אַ צאָהן אין אַ צאָהן און איך האָב געפּיהלט אַ טעם מיתה, ווי דער חלף ליגט מיר אויף דעם האַלז. איך האָב צוזאַמענגעמאַכט די אויגען און שטילערהייד געזאָגט ווידוי.

—וואָס שפּאַשעסטו עפּיס, יונגער-מאַנטשיק?—האָט ער געפרעגט און זיך צולאַכט מיט אַזאַ משונה'דיגען געלעכטער, אַז עס האָט געגרילצט אין די אויערן און ווייט אַרום אין דעם וואַלד האָט זיך אָפּגערופען אַ שרעקליכער ווידער-קויל, גלייך ווי עס וואָלטען אַ לאַך געטאָן טויזענט אַלטע מכשפה'טעס אַלע אינאיינעם.

דאָס איז, האָב איך געטראַכט, דאָס ניטע געלעכטעריל. אָט, אָט

עקט מיר זיך דאָס לעבען, אָט, אָט טראָג איך מיך איבער אויף יענער וועלט. עפּיס ווי אויף צו להכעיס האָט מיר דעמסטמאָל די וועלט אַזוי שיין, אַזוי גוט זיך פֿאָרגעשטעלט, אַז איך וואָלט באַדאַי אַלצדינג אַוועק-געגעבען, אַבי לעבען צו בלייבען, קיין מלוכה פֿאַרמעסט עס נישט, וואָס איך וואָלט דעמסטמאָל אָבגעגעבען פֿאַר אַ קורצער צייט לעבען. אַך, וואָס פֿאַר אַ שיינע וועלט אונזערע איז, וואָס פֿאַר אַ מענשען! ווי גליקליך איז דער, וואָס לעבט אויף דער שיינער וועלט, וואָס לעבט צווישען לעבעדיגע מענשען! ווען אַ סך אַנדערע וואָלטען געפֿיהלט דאָס, וואָס איך דעמסטמאָל, וואָלטען זיי געזאָגט: אַ ספֿרה גדולות, יחוס און כבוד! צו אַלדי שוואַרץ יאָהר אַלע פּרנסה'ען, אַלע פּלאַטקעס, אַלע פּוסטע קריג, אַלע רכילות, שנאה און קנאה! דאָס אַלצדינג איז הבל הבלים, לויטער נאַרישע זאַכען. אַלע מענשען זענען ברידער, חברים, שטאַמען אַלע אייגענטליך פֿון איין פֿאָטער, אַלע האָט אייגענטליך איין גאָט בעשאַפֿען! ווען יענער, אַ שטייניגער, וואָלט זיך געזעגענט מיט דעם לעבען און גע-ווען ביי די נעדאַקקען ווי איך, וואָלט ער געזאָגט: אַך, פֿאַר וואָס האָב איך עס פֿריהער נישט פֿערשטאַנען! אומזיסט, אומנישט זיך געפּלאָגען און זיך אָבגעשטויבען דאָס מיט דעם: ער איז אַ משלחת, אַ שלעפּער, עפּיס פֿון מרעמד אַ בעטלער, און דאָס מיט יענעם: ער איז נישט פֿון מיין נאמנה, ער איז אַ שאַדריי, אַ בזוי, קוקט נישט אויף כבוד. פֿע, איך בין נעווקא בייזער, אַ שלעכטער, אַ פּלוידערזאַק, אַ ליגנער, אַ חונף, אַ רכילות-טרייבער, אַ בלבול-מאַכער, אַ אָנטאַפּער מיט דעם מויל און מיט דער פֿען! וואָס האָב איך געדאַרפֿט צו אַנדערע—צו אומבעשירעמ-טע, צו דערנידעריגטע, צו דערשלאָגענע און פֿערוואָגלטע, נעבעך? ווענין האָבען מענשען, נעבעך, אייגענע צרות, קאַרג יסורים און פּורעניות פֿון אַלע זייטען, קאַרג דחקות, טריאָטע און דאגות אומליבע רגע, בין איך פֿנע נאָך אויף זיי אויך אָנגעפֿאַלען! און פֿאַר וואָס, טוּאַלד, פֿאַר וואָס?... בשעת מיר האָט זיך געדאַכט, דער חלף ליגט מיר אויף דעם האַלז, דעמסטמאָל האָב איך איבערגעבעטען מיט אַלע מענשען און באמת געפֿיהלט, ווי נאַריש דאָס איז, וואָס מען קריגט זיך, וואָס מען בייסט און דורפֿט איינער דעם אַנדערען ביים לעבען. עס זאָל געווען מעגליך זיין, וואָלט איך אַלע געהאַלזט, געקושט און וויינענדיג זיי מחילה

געבעטען, די וועלט איז מיר אַזוי געפעלען, אַז אַוועקגעהענגדיג פון איהר
האָט מיר זיך געגלוסט, האָטש נאָך אַ מאָל אויף איהר אַ קוק צו טאָן.

איך האָב האַלב אויפגעעפענט די אויגען און שרעקליך צעדולט גע-
קוקט. אַלצדינג האָט מיך פערמישט, געגאַנגען מיט דעם קאָפּ אַראָב,
מיט די פיס אַרויף. עס האָט מיר געבליצט אין די אויגען, געדו-
נערט אין די אויערען און גרויסע טראָפּען שווייס האָבען מיר באַ-
שלאָגען. עס איז מיר געווען קאַלט אי וואַרם. פייערדיגע רעדער, פינט-
לעך, פינטלעך פון אַלערליי פאַרבען, פון אַלע מיני געשטאַלטען האָבען
פאַר מיר משונה זיך געדרעהט, גיך געטראָגען, דער רוח ווייסט וואָהין.
זיי אין דערמיט איז געשטאַנען עפּיס אַ גרויסער אַ שוואַרצער הונט,
וואָס האָט אַלע רגע אָנגענומען אַ אַנדער פּנים, געגלאָצט מיט די אויגען,
געקריצט מיט די ציין, זיך געקרימט, געמינעט, געצויגען ביז ער האָט
צום סוף אָנגענומען די געשטאַלט פון שרעקליך אַ ווילדען מענשען
און איך האָב אין איהם דערקענט מיין אומבעקאַנטען פּאַרשוין .

—האַ, האַ, דו ציטערסט!—האָט ער אים מיר געשפּעט.—אָט אַזוי,
פיינע מענשעלעך, האָב איך הנאה, אַז איהר ציטערט און שוויצט.

איך האָב איהם שווייגענדיג אָנגעקוקט, אַקוראַט ווי אַ מויז קוקט
אָן די קאַץ, וואָס שפּילט זיך מיט איהר איידער זי דערשטיקט זי און
שלינגט זי איין.

—נו, אַז דו ציטערסט, האָט ער ווייטער געזאָגט, ווייס-זשע האָטש
פאַר וועמען. איך בין דער, וואָס האָט געעפענט אַ וועג אין אַ נייער
וועלט אַריין, כדי די אַלטע זאָל ווערען תמיד ניי; וואָס דורך מיר פעקלעט
מען זיך פּסדר אַריבער אַהין ערגיץ, אַהער, כדי דאָ צו מאַכען אָרט...
איך בין דער, וואָס מיט מיין קראַפט שטעה איך תמיד
ברייט אַקעגען נאָך אַ קראַפט פון מיין ווידער = פּאַרטיי. מיר ראַנ-
גלען זיך, איינער וויל דעם אַנדערען איינשלינגען, און דורך דעם שפּרינגט
אין דער וועלט אַרויס נייעס, עס ווערט נולד אַלצדינג; איך בין דער,
וואָס איך פון איידער דער „נ אָ ר נ י ש ט“ איז מיר פון דער העלער
היץ ש יינענדיג אַרויסגעשפּרונגען. ער ווערט באַלד אַ גאַנצער
„יש“, וויל דעם אַלטען באַגינער זיינעם פון דער וועלט טרייבען. מיר
נעהמען פּסדר איינער דעם אַנדערען נאָך פוס=טריט און וואָס אַ טריט—

ווערט און וואַקסט די צייַט.—איך בין דער שר פון פינסטערניש, דער מלך פון די רוחות, איך בין דער שטן, דער אַשמדאַי.

איך בין שיער אין חלשות נישט געפאַלען פאַר שרעק, אַז איך האָב עס טעהערט. דער אַשמדאַי האָט צו מיר מיט אַ פינגער זיך צוגערירט און איך האָב מיך באַלד געפיהלט שטאַרקער אַזוי, אַז איך האָב געקענט שטעהן אויף די פיס און אַפילו אויך רעדען.

זייַ מיר מוחל,—האָב איך זיך אָנגערופען מיט גרויס דרך-ארץ— וואָס איך וועל דיר פרעגען. כפי איך פראָסט מענשעלע האָב פערשטאַנען דייַנע פאַרשטעלטע ווערטער, מייַנסט-דו אַזוי: אַז דו מיט דייַן ווידערפאַרטיי אַרבייַטען אייניגע געגען די אַנדערע אין די וועגען, וואָס עקזיסטירען אויף דער וועלט. יענער ציהט-צו און דו שטויסט-אָב, יענער האַלט צוזאַמען און דו שיידסט אַלצדינג, וואָס יענער בויעט, צושטערסטו-דו, און דאָס וואָס דו צושטערסט, בויעט יענער אויף צוריק; יענער אַזוי הייסט עס, איז דער בורא, דער באַשאַפער, און דו, אַשמדאַי, דער פערטיליגער, דער צושטערער. אויף יחעם שטעהט די וועלט, מיט אַלע באַשעפעניש; אויף דעם אופן ווערט מען, פיהלט מען תמיד אין איהר אַ נייַ לעבען, עס טהוט זיך און בעוועגט זיך. ויהי ערב ויהי בקר—ס'איז דאָ טאָג און נאַכט, אָרט״ און צייַט. אויב אַזוי איז טאַקי, ווי איך האָב דיך פערשטאַנען, קומט דאָך עפּיס נאָר פון דיר אַזוי קיין שלעכטס נישט אַרויס?

—אָט דאָס טאַקי האָב איך דיר געוואָלט זאָגען אַז איך, אַשמדאַי, פערדאַרב נישט אַזוי די וועלט, ווי איהר, מענשעלעך. פון מייַן שלעכטסקייט, ווי איהר מיינט, קומט פאַר איהר נישט אַרויס צרות, אַל-דאָס-בייז, וויפיעל פון אייער גוטסקייט. אוודאי הייס איך דאָך ביי אייך דער רשע, דער שטן. זאָל עפּיס וואָס-עס-איז אַ מאָל זיך מאַכען, איז אַ געשריי, אַ קלאָג, אויסליכער אויף מיר, האָטש אין דער וועלט ווערט זיך עס גאָר נישט אַזוי אָן. איהר אָבער מענשעלעך, אַז איהר קוילעט אויס מיט אַ מאָל אַ וועלט, מאַטערט, טהוט אָן גרויסע צרות, איהר הייסט גוטע און פרומע! עס קומט אייך נאָך אַ גלעט אין בעקעלע, וואָרום דאָס טהוט איהר אַלצדינג מחמת גוטסקייט!... איהר האַלט זיך פאַר גרויסע חכמים, זעצט אויס בעהעלטער אין דער נאַטור, אין דעם גאַנג פון דער וועלט, שטעלט זיך איין, אַז איהר וואָלט מיט אייער שכל, מיט אייער גוטסקייט באַשאַפען אַ וועלט נאָך אַנטיק—און אַז איהר האָט אין אייערע

הענט גענומען אַ פּאַרטינע וועלט אינגאַנצען, ווי זי איז, האָט איהר זי שרעקליך פֿערדאָרבען, אומעטום פֿאַרדרעהט, אומעטום קאַליע געמאַכט, זי האָט בײַ אײַך אַ פּנים, אַקוראַט ווי אַ טײַער ווינטעריל פֿאַלט צו אַקינד אין די הענט אַרײַן. איך ווי איך בין, בין איך מיר. און דער גאַנצער נאַטור הערשען נאָר געזעצען, וואָס גילטען תמיד פֿאַר איטליכען גלײַך, דאָרט זענען נישטאָ קײַן מיוחסים, נישטאָ קײַן באַרמהאַרציגקײַט, אַלצ-דינג רידערט און בעוועגט זיך דורך אײביגע, בעשטימטע געזעצען. איהר נטע מענשעלעך, ווילט עס אָבער נישט לײַדען, בײַ אײַך ווילט איהר נאָר נישט וויסען פֿון פּאַראַדקעס. איהר האָט זיך צוטײַלט אויף טויזענט-ערלײַ פֿעלקער, נאַציאָנען, כּתּות, קלאַסען, פּאַרטיען, שטאַנדען, צעכען וכדומה, און די דאָזיגע ווערען ווידער צוטײַלט אין נאָך און נאָך אַזעל-כע, פֿאַר איטליכען אַליין באַזונדערע פּאַראַדקעס, אַזוי פֿאַרשיעדען, אַזוי פֿאַרווענדערט.

—אָבער אַקעגען וואָס, האָב איך איהם געפֿרעגט, זאָגסטו מיר דאָס אַלצדינג?

—חע, חע, אַקעגען וואָס! איך זאָג עס זיכער נישט גלאַט אַזוי ווי דער ווינט שטײַנער איז פֿון אײַך, מענשעלעך, וואָס בשעת צוויי קומען זיך צונויף, הויבען בײַדע אָן צו פֿלידערן אין דער וועלט אַרײַן, פּדי אַרויסצו-ווײַזען זייערע חכמות, זייער פֿילאָזאָפֿיע און מישען אויס בוידעם-פּאָלעצע. איך זאָג עס אַקעגען דײַן פֿרידהערדיגען שמועס, וואָס דו האָסט געהאַט ערשט נישט לאַנג מכּח רחמנות, מכּח אײַערע חברות. פֿון וואַנען, וויל איך דיר בעווײַזען, האָט עס אַלצדינג בײַ אײַך זיך גענומען. די ספּה דער-פֿון איז נאָר אַ פּראָסטע, דעריבער מאַקע רעדט מען בײַ אײַך אַליין פֿון רחמנות און דעריבער מאַקע פֿאַרמעהרען זיך אַליין באַרמהערציגע חברות, ווײַל בײַ אײַך הערשט זייער פֿיעל אַכזריות, רדיפֿות און עוולות; וואָרום ווען נאָר אמת און גערעכטיגקײַט זאָלען געווען גילטען, וואָלט איהר דאָך פֿערשטאַנען צו פֿערזוכען דעם טעם פֿון רחמנות און וואָלט נישט געהאַט אַזוי פֿיעל בעלי־רחמים'ס, אַזוי פֿיעל בעלי־טובֿות מיט אַזוי פֿיעל חברות. איך זאָג עס, פֿערשטעהסטו מיך, מכּח אײַער נישטקײַט, מכּח אײַער נישטווערטיגקײַט זאָג איך עס, פֿאַרשטעהסטו-דו?

—עס... בע... האָב איך געמאַכט עפּיס אָהן ווערטער.

—ישׂרוטש-דו, האָט ער געהאַקט, אַז איהר, מענשעלעך, ב ע ק ע ס

עפּיס אָהן לשון, עס איז אַ מאָל בעסער ווי גערעדט פאַר אייך רעדט איהר, האָסט זיך, אַ מאָל די קלאָרע, איהר קענט, אַ שטייגער, זאָגען: נאַ דיר אַ גראָשען און גיב מיר אַ בייגעל, נאַ דיר אַזוי פיעל און אַזוי פיעל און אַרבייט מיר אָב מיין עסק וכדומה נאָך זאַכען, וואָס זענען אייך אַליין נוגע. מען פאַרשטעהט דאָרט גוט אייער כוונה. קומט אָבער אַ מאָל אויס צו שמועסען, אָדער עפּיס צו שרייבען איבער כלל-זאַכען, ווערט איהר, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר, ריינע משוגעים, עפּעס בהמות! איהר פלוידערט, משטיינס-געזאָגט, נישט צו דער זאַך: טייטשט לייענען, טייטשט פּסוקים'לעך און ווערטערלעך, נישט געשטויגען, נישט געפלויגען. איהר נאַרט איינער דעם אַנדערען, איהר האַפּעט זיך אויף די גלייכע ווערטער. איהר פאַרדרעהט, פאַרפּלאָנטערט אַזוי, אַז עס איז אוממעגליך אַרויסצוקריכען, מען קען נישט פאַרשטעהן, וואָס איהר ווילט, טאַקי נאָר שטעהן און וואונדערן זיך מוז מען הענטמאָל, ווי מענשען שרייבען, רעדען, שרייען און עס איז נישטאָ וואָס צו הערען: ווי זיי קענען מיט זייער מתנה, מיט זייער לשון, זיך נישט פאַרשטעהן, ערגער כ'לעבען, ווי די בהמות!

—אַקעגען וואָס אָבער, האָב איך געפרעגט, ביסט-דו עס דאָ אַזוי אַרויס מיט דער שפּראַכע?

—נאָך אַ מאָל „אַקעגען וואָס"?—האָט ער זיך אָנגערופען.—עס פאַרשטעהט זיך, אַז איך רעד דאָ נישט גלאַט אַזוי, אַבי חוזק צומאַכען. איך זאָג עס אַקעגען דיין קאָרעספּאָנדענץ מיט דער חברה, אַקעגען דיין פריהערדיגען שמועס מיט דער קליאַטשע זאָג איך עס. איך זאָג, אַז דיין „עמ, בעע" וואָס דו האָסט פריהער געמאַכט, מחילה, ווי אַ אייזעל, איז, כ'לעבען, בעסער און קליגער פון אַלע דיינע דרשות. בעטראַכט זיך אדרבא אַליין, אויב דו ביסט נישט ריין משוגע! פאַר דיר שטעהט אַ פאַרמאַטערטע, אַ הונגעריגע קליאַטשע, וואָס זי באַדאַרף נייטיג ווי אין לעבען אַריין האָבען חאָטש אַביסעל מנוחה, אַ מעסטעל האָבער, אַ בינטעל היי, ווילסט-דו איהר נאָר באַווייזען אַ הייא און סדור און אַלץ אויסדריגען, ווי גוט, ווי שען עס איז זיך אויסצולערנען עפּיס קונצען! מיינסט-דו אפשר, אַז נאָר דו אַליין פלוידערסט אַזוי דאָ? ניין! קום זיי מוחל, וועל איך דיר ווייזען אַ סך, וואָס זאָגען פאַר הונגעריגע, דערשלאַגענע מענשען פונקט אַזעלכע דרשות ווי דיינע, מיט עטשעבעטען פה.

רעדן מיך זעהר אָפּט צווישען מענשען—דו מוזט וויסען, אַז אַ שטן, אַ אשמדאי, איז זעהר שטאַרק תמיד בעשעפטיגט – איך מאַך דאָרט אינטליבען וויזיטען, האָב קענטשאַפּט מיט אַלע גרויסע לײַט, איך זעה מיך אָן, וואָס זײ טהוען, וואָס זײ אַרבײַטען, און הער מיך אָן ווײַטערע אַלע שמועסען, ווײַטערע אַלע הרשות. לאָמיר אָנהאַפּען, אַ שטײַגער, אַזעלכע עפּיס פון אונז אַרט: מאָל דיר, אײנער שרײַבט בײַ אײַך געוואַלד אויף די מלמדים: ביז וואַנען וועט מען אַלץ אָפּגעבען קינדער צו אַזעלכע קאַמשאַנעס, וואָס מאַכען פון ווײַטערע תלמידים ווילדע מענשען, טוי-נעמוכמסען? נאָך אײנער ליאַרמט: ביז וואַנען וועט מען אַלץ חתונה מאַכען יונגע קינדער? ביז וואַנען וועלען שדכנים צונויפפירען צווײ נפשות, וואָס קענען נישט און וויסען נישט אײנער דעם אַנדערען ביז נאָך דער חתונה? אַ דריטער שרײַבט אויף די בטלנים, וואָס וואַק-סען בײַ אײַך ווי קראָפּעווע און פערפירען מיט ווײַטערע נאַרישע זאַ-כען, מיט ווײַטערע קרומע געזאַנג דעם עולם? אַ פערטער שרײַבט: ביז וואַנען וועלען בײַ אונז זיך פּרוסמען אַזוי פיעל בעלי-טובות, בעלי-טאַקסעס, שטאָדט-פּערזאָנען וכדומה אַזעלכע מיני פּאַרשוינען?—

אַלע שרײַבען, פּילדערען: שוין צײַט דאָס אַלצדינג אויסצוראַפּען און ווערען קליגער, געבילדעטער, גענײַטער. נאָר קומט אָבער פון ווײַטער שרײַבען עפּיס אַרויס? אַלצדינג בלײַבט מאַקי ווי פריהער. עס קען מאַקי פון ווײַטער שרײַבען נאַריש אַרויסקומען. פאַר וואָס? אַט מחמת חנם, מחמת אין דער וועלט הערשט אײן געזעץ פאַר אַלע בעשעפעניש, פאַר אַלע מענשען גלײַך, אַזאַ געזעץ, וואָס קײנער, יהיה מי שיהיה, איז נישט אימשטאַנד עס איבערצומאַכען, וואָס אַקעגען איהם העלפט נישט קײן שרײַבען, קײן רעדען, קײן דרשות און קײן שום מיטעל; אַזאַ געזעץ, וואָס איז שטאַרקער פון אַלע שטאַרקע, מעהר עקשן פון אַלע עקשנים, וואָס אַז מען שטעלט זיך איהם אַקעגען, וואַקסט עס זיך אויס טויזענטער אַנדערע וועגען, טויזענטער המצאות און הסברות כדי זיך צו האַלטען—איך מײן דאָ דעם דאָזיגען באַקאַנטען געזעץ, וואָס *אַלע ווילען עסען*, וואָס איטליכער וויל צו דערהאַלטען זײַן לעבען, עס מעג זיך זײַן אויף וועלכען אופן, מיט וועלכען מיטעל עס וויל זיך. וואָס זענען דען מלמדים? דאָס זענען בײַ אײַך אַ גרויסער, מעהר אַ גרויסער טײל מענשען, וואָס ווילען עסען, וואָס ווילען לעבען,

און וואָס קענען עס אָבער אין דער וועלט אַנדערש נישט בעקומען נאָר דורך אַזאַ מיטעל דוקא, וואָס זיי וועלען נעהמען אייערע קינדער אין חדר אַריין. אַזעלכע גוטע־ברידער־מיטעלע מענשען געפינען אַלע וועגען, טרעפען כל־מיני־מיטעל, אַז אייערע קינדער מוזען צו זיי אין די הענט אַריינפאַלען. אַקעגען אייך אַרבייט אַ קראַפט, אַקעגען אייך האַלט מלחמה אַ נשמה׳ן. די עטליכע מענשען מיט זייערע פּאַראַדקעס און מיט זייערע דרשות וועלען עס בשום אופן נישט בייקומען! דערגלייכען איז אויך מיט די פרומע חתונות. שרייט דערויף וויפיעל איהר ווילט,—אומזיסט! עס איז דאָ אַ גרויסער טייל מענשען, וואָס קענען ביי אייך אַנדערש נישט לעבען נאָר דורך צונויפפיהרען שידוכים, און זיי פאַרלאַנגען זיך דערויף מיט אַלע כחות אונטערצוהאַלטען דעם שלעכטען איינפיהר אין חתונה צו מאַכען אייערע קינדער. איהר מוזט אייערע קינדער פריה פיהרען אונ־טער דער חופה, וואָרום דערויף זענען דאָך דאָ ביי אייך גאַנצע מחנות שדכנים, וואָרום דערפון קענען זיי לעבען! אַזוי גערהט עס אויך מיט די די נאַרישקייטען. לאַכט דערפון, איהר דרשנים, איהר וואַילע יונגען, וויפיעל איהר ווילט—אומזיסט! וואָס זענען דען יענע בטלנים, יענע הבל־ניקעס? דאָס זענען מענשען, אַ גאַנץ היבשער טייל מענשען, וואָס זיי איז אוממעגליך אַנדערש צו לעבען, אַ קיום צו האָבען, ווען נישט די נאַ־רישקייטען. זיי אַרבייטען מעשים, מאַכען אַלע קונצען, אַלע אָנשטעלען, צו דערהאַלטען ביי אייך אַלע נאַרישע זאַכען. איהר מוזט אין די נאַ־רישקייטען זיך האַלטען, וואָרום דערויף זענען דאָך ביי אייך דאָ יענע מחנות נאַראָנים; זיי, נעבעך, מוזען זיך מאַכען צו נאַראָנים, וואָרום דערפון קענען זיי האָבען זייער שטיקעל ברויט און שען לעבען... דאָס גלייכען טאַקי איז מיט אייערע בעלי־טובות, מיט אייערע אַפּוטרופּסים. שרייט דערויף, וויפיעל איהר ווילט, עס וועט אייך, כ׳לעבען, גאָרנישט העלפען! וואָס זענען דען אייערע שטאָדט־בעלי־טובות, אייערע תכלית־פּערזאָרגער? דאָס זענען ביי אייך אַ סך מענשעלעך, וואָס וואָלטען, נעבעך, פּשוט נים געהאַט, מיט וואָס אַ טאָג איבערצולעבען, ממש געשטאָרבען פאַר הונגער, ווען זיי זאָלען זיך נישט מיהען מיט אַלע קרעפטען צו טאָן אייך אַלערליי מיני טובות: צו דערהאַלטען אייערע מאַקסעס, און אויסטראַב־טען מער עפּעס נאָר פרישע אָבטאַטען, ווי אַ שטייערל, אויף מעהל, אויף זאַלץ, אויף שמאַלץ, אויף ליכט וכדומה, צו דערהאַלטען ביים לעבען

אייערע מקבלים אין ארץ ישראל, און אייערע אָרימע לייט דאָ מקבר צו זיין; צו מגדל זיין אייערע יתומים און תלמוד־תורות און נישט צודערלאָזען יענע מיני גזרות, בפרט יודען, נעבעך, זאָלען מאַכן אַ פּנים דאַפּען ווי פריהער און בלייבען בצער הרבים, וואָס זיי זענען. זיי מוזען, נעבעך, זיך יאָגען, אויף אייך רחמנות האָבען. זיי מוזען, נעבעך, אייך טובות טאָן, און איר פון אייער זייט מוזט, נעבעך, פון זיי מקבל טובה זיין. אַקעגען אייך, זאָג איך נאָך אַמאָל, אַרבייטען קרעפטען, אַקעגען אייך שטעלט זיך אַרויס אַ טאַטער־גענעץ און יענע אַלע מענשען, וואָס זוכען אייגענטליך עפּעס און טרייען אַלע מיטעל צו דערהאַפּען זייער פּרנסה, זייער לעבען. איהר זייט זיך מפרנס און לעבט איינער פון דעם אַנדערען, איהר עסט אויף און פערדאַרבט איינע די אַנדערע. זאָל מען אָבער געוועזען אייך לאָזען לעבען לייטען גלייך, פריי, ווי עס געהער צו זיין, וואָלטען אַזעלכע זאַכען ביי אייך בכלל נישט געווען. לאָז מען נאָר מאַר אייך עפּענען אַ וועלט, וועלען די אַלע אַבען פון זיך אַליין אויפהערען און איהר וועט מיט אַ מאָל אויסגעלייזט ווערען פון אַלע צרות. נאָר כל־זמן איך, אשמדאי, בין נאָך דאָ, וועל איך אַזעלכעס נישט צו־לאָזען. איך וועל מאַכען הויקעס־פּוקעס, אַז מען זאָל נאָר שרייען, זאָגען דרשות, האַלטען רעדעס און נאָר נישט טאָן, מ'זאָל אייך תמיד האַלטען אין דעם מויל אַז מבח אייך קיינמאָל נישט קומען אויף אַ לאַד. נישטאָ פאַר אייך קיין אַנדער וועג, נישטאָ פאַר אייך קיין אַנדער מיטעל צום לעבען! עסט, פרעסט איינער דעם אַנדערען, שלינגט זיך ווי די פיש איין איינע די אַנדערע, בייסט זיך, רייסט זיך, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר!

—אַך! האָב איך געקרעכצט, און זיך געכאַפּט ביי דעם קאָפּ, וואָס האָסטו־דו צו אונז? וואָס האָבען מיר דיר געטאָן?

—וואָס האָב איך צו אייך?—האָט ער געזאָגט און געקריצט מיט די ציינער,—איך בין אייך אַ דם שונא דערפאַר, וואָס איהר האָט מיך גע־מוטשעט!

—וואָס רעדסטו?—האָב איך זיך אָנגערופען, מיר האָבען דיך גע־מוטשעט?!

—אייער שלמה המלך,—האָט ער ווידערשפּרעכט מיט כעס,—אייער שלמה המלך'ל האָט מיך, אשמדאי, אַ מאָל געכאַפּט און מיך געדאַלמען געשמידט אויף אַ קייט. ער האָט מיך שטאַרק געמוטשעט!

—גוואַלד, האָב איך געשריגן, אָבער וואָס זענען מיר שולדיק? פאַר וואָס האַלטן מיר, נעבעך, אָפּקומען פאַר אַ מעשה, וואָס איז געשעען עטלעכע טויזנט יאָר צוריק? מען מוז איבערהערן בײדע צדדים. גוואַלד וואָס האָסטו צו אונדז, נעבעך? וואָס דאַרפן מיר אָפּצוקומען, וואָס זענען מיר שולדיק?

—שלמה המלך איז אײַנגער! האָט ער זיך שרעקלעך צעבײזערט און אַ זעץ געטאָן די קלאַטשע, נעבעך, וואָס די גאַנצע צײַט איז זי, שלים-מזלדיקע, געשטאַנען אין אײנע צרות און משונה געציטערט. איהר, אײַ-זײַט שולדיק! איצט ליגט אױף אײַך מײַן קללה: ווערט אַלצדינג, נאָר נישט ראָב, וואָס מען בעדאַרף; העלפט איטליכען, נאָר נישט אײַערע אמת'ע גוטע פרײַנד; ווערט אַ סך איבער ווײַטע זאַכן, נאָר ווי באַלד עס וועט אײַך קומען אַ שמועס איבער אײַך, זאָל אײַך אָפּנעמען דאָס לשון; כאַפּט אָן אַלצדינג, נאָר נישט דעם רעכטן וועג צום גליק. אײַערע בעלי-טובות זאָלן ווי די פליי אין זומער זיך פּרוכפּעשן און מטריחן. ווי זאָלן אײַך אַזױ פיל טובות טאָן, ביז וואַנען איהר וועט פון זײערע טובות קראַנק ווערן און מער קײן כח נישט האָבן ווי צו-צונעמען. אײַערע חברות זאָלן וואַקסן ווי קראָפּעװע און די קאָסעפּיכער זאָלן פערשוואַרצן ווערן, עס זאָל פון זײ נישט זײַן אַפילו קײן זכר. אײַערע טאַקטיקעס זאָלן אײַך נישט אויסהעלפן, דאַרט, קוואַרט, גאָלדט געלט און גוטע בײַנער! וועט אײַנער אַ מאָל פאַר אײַך זיך אַרויסשטעלן, האַלט איהר ווי די משוגעים, אױף איהם אָנפאַלן און וואַרפן אױף איהם שטײנער. אײַערע גבירים זאָלן אומעטום שיטן געלט פולע היפּענס; נאָר נישט אױף דאָס און נישט וואו מען בעדאַרף. האָרעװען וואו עס איז נײטיג, זאָלן זײ נישט וועלן געבן קײן גראָשן. איהר אַלט זײַן בני-רחמנים רעכטמאָל, ווען אײַער רחמנות מוז שוין אױף כפּרות, בשעת יענער שלעפט זיך שוין אַרום מיט דער טאָרבע, אָבער בשעת יענער איז שוין נוטה למות און פּאַקט מיט דער נשמה; נאָר בשעת יענער האַלט זיך און ווײַט מיטלען, ווי זיך בכבוד צו דערנערן, האַלט איהר איהם חלדפּיגן, האַלט איהם טאָן אַ וואָרף און צוטרעטן מיט די פיס. איהר זאָלט אָנטאָן אַ טלעבעניע לאַנגע קאַפּאָטעס און קריכן מיט זײ אין דער בלאָטע. אַפילו אַ רבי זאָל בעסער אָנטאָן ווײַנעגע שמאַטעס אײדער אַ נאָענט קלײד פון גערײַנט. און עולם-הזה-זאַכן זאָל זיך וואַרגן

איטליכער פאַר זיך באַזונדער, נאָר מכח עולם־הבא זאָל איינער זיך שטאַרק האָרגען און אַ ערב זיין פאַר דעם אַנדערען. דערפאַר זאָלען פרעמדע ביי אייך אָנטפיהען דעם דין פון ערבות אין אַלע זאַכען, װאָס איינער עפּעס זינדיגען, זאָלט איהר אַלע שולדיג זיין. אויב עס װעלען אַ מאָל ביי אייך אויפשטעהען גאַזעטענשרײַבער, צו פאַרענטפערען אייך פאַר די אומות העולם, זאָל פון אַלע אַ קיום האָבען און אייך בעסער געפעלען יענער, װאָס פאַרשטעהט נישט זייער לשון. פאַר דעם מינדסטען פון די אומות העולם זאָל איטליכער דער גרעסטער זיך מאַכען קליין און האַלטען פאַר אַ כבוד מיט איהם חבר צו זיין; אַקעגען־זשע ביי אייך זאָל דער מינדסטער פאַר דעם גרעסטען נישט האָבען קיין שום דרך־ארץ, איטליכער נאָרנישט זאָל זיך האַלטען פאַר אַ גאַנצען יש, איטליכער שוטה פאַר אַ װילדען חכם, איטליכער גראָבער יונג פאַר אַ עדעלען מענשען; אַ עם־הארץ זאָל אַ העזה האָבען צו שפּעטען פון אַ געלערנטען, אַ בור זאָל זיך האַלטען פאַר פרום, מעהר װי פון אַ למדן. איהר זאָלט זיך בייסען, רייסען, איינער דעם אַנדערען פרעסען, צו אַלדי שװאַרץ יאָהר! רעכט אויף אייך, רעכט. איך האָב הנאה, איך לאַך פאַר שמחה!

ער האָט געגעבען אַ לאַך, אַז דער גאַנצער װאַלד איז פול געװאָרען מיט געלעכטער און איז פערשװאונדען געװאָרען.

## דאָס אַכצעהנטע קאַפּיטעל.

# ישראַליק — נישט ער הענגט, נישט ער שטעהט.

---

לצים לאַכען, נישט גוטע שפּעטען, עס איז אַ געשפּעטערײַ, אַ געדרײַדערײַ נאָר פּעריקט צו ווערען. דער קאָפּ איז דול, די פּיס, אוי, פּיהל'ען נישט קײן ראַנדאַלטעניש אונטער זיך — און איך הענג, דאַכט זיך, נאָר אין דער לופטען.

— כפּרהכא! — הערט זיך עפּיס פון הימעל אַ קול — גשה בעדינען דעם פּאַרשוין, טרייט אידם צו, ווי מען בעדאַרף, און ברענג אידם דערנאָך צו מיר אַ הין, אין דעם געוויסען אָרט...

און באלד דערנאָך איך פאר מיר עפּיס אַ מענשען-געשטאַלט אויסגעדרעהטיג ווערד משונה.

— האָט האָסט-דו דיר, ישראל! — זאָגט ער צו מיר נאָכדעם אַז ער האָט מיך אָנגעקוקט און דערלאַנגט מיר אין באַק צוויי פלאַטענדיגע פּעטש.

— וואָס איז דער טעם פון די דאָזיגע פּעטש?! — מאַך איך שטאַרק פערוואונדערט.

— נישקשה, ישראל איך ווערטה אַ פּאַטש. דאָס האָסט-דו דיר איין טעם. און צווייטענס איז פּשוט בײַ אונז אַזוי דער שטײַגער צו געבען שלום.

— אוי, זאָג איך מיט פּאַראַבעל, אַזאַ שטײַגער פון שלום געבען איז טאַקי נאָר בײַ מזיקים.

— אַזוי איז דאָס טאַקי ווי דו זאָגסט — ענטפערט ער מיר מיט אַ

העניה'לע—איך בין אײנער פֿון „זײ". אַזוי איז מען בײַ אונז מזיקים זיך נוהג, מאַר וואָס וואונדערסטו דו זיך אַזוי? זענען דען אײַך מענשען זײַן נישט נוהג אַזוי ווי מיר?

איך שווײַג, נישט וויסענדיג אױהם וואָס צו ענטפֿערן.

—כ'לעבען, ישראל, דו געפֿעדלסט מיר װעדער, בײַנג נור אײַן דאָס קעמפּעלע רײַטס, וועל איך אויף אױהם אָנטאָן אָט דאָס מיצעל.

—ס'מײַנטש, דאָס מיצעל איז דאָך מאַר משוגעים! שרײַ איך מיט אַ ביטער געמיטהר—איך וויל זײַ נישט! מדו מיט מיר וואָס דו ווילסט, שלאָג מיך, פרען מיך, אָבער דאָס מיצעל טו מיר נישט אָנטאָן אויפ'ן קאָפּ—איך בין נישט משוגע!

—דו שוטה אײנער, ישראל! דו פֿאַרשטעהסט, אַז די כונה מײַנע איז דיר לטובה. אָט דאָס מיצעל, וועסט עס טראָגן עס אָן, וועסט באַלד אַ רואה ואינו נראה און דיר פּאַסט עס טאַקי, זײַן אַ אינו נראה, פֿון קײנעם נישט בעמערקט צו ווערען. דאָס איז אזוי אַ זאַך, וואָס קײן בע־טערם רעדפֿון איז גאָר נישטאָ. זי וועסט דיר נוצען פֿאַר אַ גוטען מיטעל צו דער פּרנסה און זי וועט זײַן פֿאַר דיר אַ שוין פֿאַר אַ שלעכטען אָנ־פֿאַל אין אַ ביטערע צײַט. אַז חברה הילטײַעס וועלען זיך אַנעהם מאַן אויף דיר מיט אַ קולאַק, וועסטו אָנטאָן דאָס מיצעל פֿאַראָבקוקענדיג ע. פֿון נאָך און מאַכען פּליטה אַזוי, אַז פֿון דיר, ישראליק, וועט אַפּילו אַ געדעכטניש נישט בלײַבען.

—אָבער מיט וואָס האָב איך זוכה געווען צו דעם דאָזיגען געניאָר?

—דו ביסט אַ גרויסער בעל מזל, זאָך עין הרע, ישראל, אָט אַזוי האָט מען מיר געהײסען טאָן און אַזוי טו איך.

ווי אַ בעהעלפֿער וועקט אויף דאָס קינד, וואַשט עס, טוט עס אָן, נעהמט עס, טראָגט עס אויף די פּלײצעס, אַזוי האָט זיך ברכא מיט מיר אָבגעגעבען. שטעלט מיר אונטער אַ שטראָם קאַלטען וואַסער, ברעכט און גלײַכט מיר אויס די בײנער, טוט מיר אָן אַ משונה'דיג העמד, אַמי צעל, און אַ לײַוועגטענעם חאַלאַטיל און נאָך צוועלפֿע זאַכען, וואָס אַ נוישט פֿאַר מײַן געזונד.

ברכא איז געווען אַ גוטער שד, אַ בערידעוודיגער, און האָט מיך בעדינט זעהר געטרײַ—נוט אויסגעגלײַכט אויפ'ן קאָפּ מיר דאָס מיצעל

אָנגעווישט מיר די נאָז, גאָר אָנגעקוואָלען קוקענדיג אויף מײַן שענער גוטע און מיר דערצעהלט שרעקליכע מעשיות פון די שדים און פון זייער שטייגער לעבען:

די שדים זענען — לויט ווי ער האָט מיר דערצעהלט — אײַנגעטיילט אין פערשיעדענע כתות און ער, ברכא הייסט עס, איז איינער פון די כת-לצנים. די לצנים זענען גרויסע שווינדלערקעס, טרײַבען שפּאַס מיט מענשען, נאַריש מאַכענדיג זיך, און אַמאָל טאַקי אָפּמאַכענדיג אַ מיאוס שפּיצעל אויך. מיטוואָך אויף דער נאַכט און שבת צונאַכט — דאָס איז די בעסטע צײַט פאַר זיי צו מאַכען די שפּיעל. אין יענע נעכט נעהמען זיי אָן געשטאַלטען, וועלכע זיי ווילען, סײַ מענשליכע און סײַ פון בהמות, חוזק צו מאַכען און צו פערפירען די פאַרבײַפאַהרענדיגע אויפ׳ן וועג. ברכא האָט מיר דערצעהלט: איינמאָל האָט ער זיך געוויזען איינעם פון די חכמים אין דער געשטאַלט פון אַ יפיפה, האָבען זיי זיך ביידע אָנגעשפּיעלט ביז דער האָהן האָט אַ קרעה געטאָן, און באַלד איז ער ענטרונען געוואָרען, מאַכענדיג דעם חכם אַ נאָז מיט אַ טרייס געלעכטער. און נאָך אַ מעשה, ווי ער האָט זיך מיטוואָך אויף דער נאַכט געוויזען פאַר אַ בעל עגלה אין דער געשטאַלט פון אַ געבונדען קעלביל, קריכט דער פאַרשוין אַראָב פון דער קעלניע, נעהמט עס און וואַרפט עס אַרײַן אין וואָגען, און ווי ער באַגרעט זיך דאָ אַזוי, אַזש מײַנער טאַפּט די פיס אויף די פּלייצעס, פערדרייסט דעם עק, און אַוועק. ברכא האָט געמאַכט דעם גרעסטען געלעכטער פון די בעלי שמות און, להבדיל, די מכשפים און מאַמערן מיט זייערע שפּרוכען און קמיעות, זאָגענדיג, אַז זיי זענען גרויסע ליגנער. ווײַס איך, וואָס? ווען? די שדים הערען זיי, ווי דעם ראַבען קאָטער. אַז איך האָב געמאַכט ברכא׳ן אין קאָפּ, אָנרופענדיג זיך צו איהם פערוואונדערט: ס׳טײַטש, ברכא, וואו זענען דײַנע הערנער? האָט ער זיך צולאַכט מאַכענדיג: הערנער, ניט מיר האָבען, ניט מיר האָבען נעדוואַט, עס איז זיך גלאַט אַזוי אַ משל, פּונקט ווי די הערנער, וואָס ווײַבער בײַ אײַך שטעלען-צו זייערע מאַנען. און אַז איך האָב איהם אַ פרעג געטאָן מכח דעם, וואָס די חכמים זאָגען, אַז שדים עסען און טרינקען ווי מענשען, פרוכפּערן זיך און מעהרען זיך ווי מענשען, האָט ער מיר צוגעשאָקעלט מיט׳ן קאָפּ אויף יאָ, און נאָך צוגעגעבען, ניט נאָר ווי מענשען, נאָר אויך מיט מענשען, ברענגענדיג

דערצו ראיות פֿון דער תורה, פֿון מדרשים. דער געוויסער נחש הקדמוני, זאָגט ער, וועלכער איז, כידוע, סמאל אַליין, ער האָט דאָך פֿערפֿירט חוה׳ן, און זי איז מעוברת געוואָרען מיט קין׳ען פֿון איהם. און אדם אַליין, ווי ס׳איז באַקאַנט, האָט דאָך געהאַט מיט דרייסיג יאָהר גע- יפט מיט קליפּות, וואָס האָבען געבוירען פֿון איהם שדים און רוחות. מלכים, שמחזי און עזאל, זיי ווידער האָבען געלעבט מיט מענשליכע טעכטער און האָבען געבוירען די נפֿילים, די געוויסע ריזען. פֿונדעסט- וועגען הערסט-דו וואָס איך וועל דיר זאָגען. ס׳וואָלט געווען גלייכער, אַז דו זאָלסט זיך נישט גריבלען אין אַזעלכע זאַכען. דו ביסט דאָך נישט קיין בעזיבעטער, אַ בחור אַריבער צוואַנציג יאָהר, אַז אָך און וועה איז דיר... קאַפּיערט ער זיך אויף מיר שטאַרק, הויבט אויף די האַנד, און עס פֿליהען מיר פּעטש ווי האָגעל, ער פּאַטשט אַלץ און זאָגט: אין יענעם, וואָס איז פֿאַר דיר אַ סוד, גריבעל זיך נישט, בחור, אָט האָסט דו איינס, צוויי! וויל נישט וויסען וואָס ס׳איז נישט דיין עסק, אָט האָסט דו דיר דריי, פֿיער, זאָלסט געדענקען, און זאָלסט דערצעהלען באָזני הבחורים, און די אויערן פֿון די בחורים, דיינע חברים, זיי זאָלען נישט קיינמאָל מאַכען זייער מויל און זייער פּען מיט ליעבעס-זאַכען.

אוי, פּעטש! די האָזיגע פּעטש האָבען גוט טאַקי געווירקט אויף מיר. איך בין נאָך זיי געשמאַק איינגעשלאָפֿען ווי נאָך אַ באָד. וויפֿיעל איך האָב געשלאָפֿען, ווייס איך נישט, נאָר ביים אויפֿוואַכען זיך האָב איך זיך געפֿונען ליעגענדיג ביים אַשמדאי אין חדר, און ער פֿליהט און זער ליגמען.

## דאָס נייעצעהנטע קאַפּיטעל.

## ישראל פליהט.

—ברוך הבא! האָט מיר דער אַשמדאַי מיט אַ שמייכלענדיגע מי-נע, עס פרעהט מיך זעהר זעהן דיך, ישראל, פליהענדיג אין דער לופטען, קוק, די לופט פון דער גאַנצער וועלט שטעהט פאַר דיר פריי!

אַ קול עפּיס פון גאַנצע מחנות פערטראָגט זיך דאָנערדיג ווייט אין דער לופט. און באַלד דערזעה איך פאַר מיר גאַנצע מחנות רוחות, לצים און אַלע מיני שדים און מזיקים, צווישען זיי אויך מכשפים, מאַ-שענשפּילער, מאַקאָסניקעס, שפּרעכער פון אַלערליי גאַנצעס אינאַיינעם מיט וואַלקעס, אַלטע מכשפות, ציגיינערקעס, קאָרטען-וואַרפעריננס פון אַלערליי נאַציאָן; אַ טייל מאַדרען רייטענדיג אויף מיני פלעדערמייז, וואָס הייסען וואַמפּירען, אַ טייל אויף דראַקאָנען, מיני בייזע שלאַנגען מיט פליגעל; נאָך אַ טייל אויף סאָוועס, אויף יאַשטשערקעס, און יונגע מכשפות רייטענדיג אויף מיני דראַבעס, קאָכלעפעל, אויף בעזעמס, קאָטשע-רעס און לאָפּעטעס, ס'איז געווען אַ פּחד אָנצוקוקען דאָס שרעקליך עקיל, וואָס האָט זיך געדרעהט פונקט ווי שטויב אַ רעדעל דרעהט זיך פון דעם ווינד. עס האָט געפייפט, געבראַזט, געפּישטשעט, געקווישטשעט, געמאַנצעט, געשטויסט, נישט געגעבען קיין רוה.

—וואוהין טראָגען זיי זיך עס אַלע?—וואונדער איך מיך און האַרצען פיסשטערעקענדיג די נאָז מיינע, וואָס זי ריסט מיר אויף אָנצושמעקען ווי די פיגל-העלדענעלען, אַ שטייגער, ביי די זשוקעלעך. און דאָרט דער

פֿרעסט־געבען־זיך בשעת מעשה האָט דער אשמדאי, וועלכער האָט זיך שוין אין מיר געדאַט פֿערטעכטן, זיך אויסגעקוקט אויף מיר און געזאָגט:

—וואָס מאַכסטו דו עפּיס, מײַן האַרץ? ווי געהט עס דיר דאָרט, ישראל, אויסמען אין דער וועלט, האָב קיין פּאַראַנבעל נישט, וואָס איך בין אַזוי טראַבליך געשטען אַ מאָמען דיר, נישט צופֿרידען עס דיך גלײַך טאַקע פּנים׳ם פֿאַרשטעהן ברוך הבא.

—ווי עס געהט מיר, און ווי עס לעבט מיר זיך דאָרט? פֿרעגסטו דו, וואָס זאָל איך דיר זאָגען,—עטוואָס איך עפּיס אַרום וועדטשער,—עס, נאָר נישט! כ׳לעב... נאָר... די עסקים עפּיס נישט פֿינגעלדיג... עס פֿערדינט זיך נישט ...

—הייסט עס, אַ פּנים, נישקשה, איז מעהר ווי דאָס געהט דיר נישט אָב—זאָגט דער אשמדאי אָנקוקענדיג מיר מיט אַ ממזריש שמייכעלע—און בכלל, הייסט דאָס, איז דיר דאָרטען ניט שלעכט, אַז וואויל איז דיר, ישראל! נאָר... וואָס פֿעדייט עס דײַן אויסוואַקלען זיך, האַרץ מײַנס, גלײַך אַזוי ווי ס׳איז דיר ענג דאָרט? אָב טאַקע דאָ בויג מיר אײַן דאָס קעפּעלע, זײַ מוחל, און טוב אַ קוק אויף דער ערד דאָרט אונטען!

דאָס האָט מיר עפּיס נישט געשמעקט, די ערד, וואָס איז מיר אַ שטיעף־מאַמע, האָט נישט געצויגען צו זיך דאָס הערץ מײַנס. וויל איך פֿערדרעהען דעם אשמדאי מיט אַ איבער־הסברה׳לע, פֿערפֿירענדיג איהם אין אַ שמועס איבער פּאָליטיקע, וואָס איך האָב, ברוך השם, דער־רינען אַ שטאַרקע ידיעה, אפשר וועט דאָדורך בטל ווערען די נדרה,—הויב איך מיך אָן צו־צולאָזען מיט אַ ברײַטליכען שמועס איבער די מדינות, אָב׳פּסק׳ענדיג, וואו עס זאָל זײַן מלחמות און וואו פֿריעדען, צונויפֿפֿירענדיג, אויסמישענדיג אײַנס מיט דאָס אַנדערע און אַלץ מיט איין אָטהעם ווי צו „עשרת בני המן“

—זײַ נישט קיין קלאַפּעטשקע, ישראל, און טוה וואָס מען הייסט דיר,—בײַזערט זיך אויף מיר דער אשמדאי, אַ מאָל געבענדיג מיר צו דער ערד דעם קאָפּ—קוק און זעה!

—איך קוק, איך קוק,—זאָג איך איהם מיט גרויס שרעק,—נאָר ס׳איז עפּיס מטשטש. ווי דורך אויסרײַבע שפּאַקולען.

—וואַרט אַ ווײַלע, וועסטו דו שוין קוקען דורך ריינע קלאָרע שטאָ־

מעלען מיט חן. איך בין זיך מודה, אז ס'האט מיך שטאַרק געמאַטערט צו איהר, איך זאָל בלייבען מיט איהר מיין גאַנצען לעבען.

—דו בעטעסט ביי מיר, תכשיט מיינער, איך זאָל דיך אָבלאָזען—זאָגט דער אַשמדאַי, אַ קוק געבענדיג מיט אַ מאַהריש שמייכעלע, און קוועטשט איינלייגען זעהנדיג ווייטער. איך שטעה צומישט, תמה דאָבענדיג דערויף, וואָס איך האָב פריער געבעטען, און ווייס נישט וואָס צו ענטפערן איהם.

—נו, וואַרום שווייגסטו, זאָל איך דיך אַראָבלאָזען? זאָג מיר און דאָס אָרט, וואו דו ווילסט, מען האָט דאָך דיך באַפּטען העגענטערינג אין דער לופטען?

איך שטעה ווי אַ גולם און ווייס נישט, וואָס צו ענטפערן איהם, אזוי ווי אַ ..., וואָס געדענקט נישט, פון וואַנען ער איז.

איך שטעה און קער מיך אום מיט אַ ביזער געמיטה אין מזרח-זייט... עפען דעם מויל, און הייסע טרערען טריפען מיר פון די אויגען.

—דיינע געדאַנקען, ישראל, ווייס איך; דיין אומקעהרען זיך מיט'ן פּנים ווינענדיג אין מזרח-זייט, פערשטעה איך אויך, וואָס דאָס באַדייט —פערלאַנגען פערלאַנגסטו נאָר אַ גרויסע זאַך. נאָר דיין אומגליק איז, ישראל וואָס דו ביסט נישט פּראַקטיש, ישראל, נאָר אַ פאַנטאַזיאָר, נישט נאָר אַ פאַנטאַזיאָר ביסטו, נאָר אַ גרויסער בעל פּלפּול; אט די מידה פון פּלפּול און פּשט'לען זיך—דאָס איז דער גרויסער חסרון, וואָס געפינט זיך ביי אַלע דיינע ברידערלעך, סיי ביי מאַרק-מענשען, סיי ביי בית-המדרש'ניקעס. דער פּלפּול פערקריפּעלט זיי דעם שכל, ער מאַכט זיי פאַר פערקריפּעלטע קנאים, פאַר גרויסע פערדרעהערס און איבערטרייבער. ער מאַכט פון זיי ... און קריג און מחלוקת. און ס'ווערט צושטערט דאָס ברידערליכע ... זיי. זיי העגען זיך מפלפל און דרש'נען אַ סך חדושות און ... ווי נאַרישט, אט די מאַסע מזה לאָזט זיי נישט פערהאַלטען זיך צו ... ביצותפות'דיגער אַרבייט לטובה דעם גאַנצען פאָלק. דיר, ישראל, ... וועלט און חשרזייל קען מען דיר נישט געגעבען קיין ... ווי דו, וואָס דו האָסט געקויפט דער קליאַטשע, זי זאָל זיך לאָזען לערנען און פערשטעהן. און ביז דו וועסט קומען צום שכל און ... דיין ... אויף דער ערד וועסטו פליהען און דער לופט, אָט די מכשפה, די וועסט, די וועט דיך פון היינט

אָן אָפּגעבען מיט דיר; זי וויל זיך מיט דיר בעקענען; גײה מיט איהר.

איך מיט דער יפיפה מײַנע קוקען מיר זיך אָן בעקענדיג זיך איי־נער צום צווייטען. לויט'ן געבעט'ל פון דעם אַשמדאי קומט ראַהיראָט מיט אַ גרויסער קאַטשערע און באַלד טרוט מײַן יפיפה אָן אַ גרויסע און חילד משונה־רוט, בעפּוצט מיט גאַנצע פלעדערמײַז פון בײדע זײַ־טען, און זעצט זיך רײַטען אויף דער קאַטשערע, און איך ישראל זעץ זיך איהר פון הינטען אָנראַלמענדיג זיך אָן איהר מיט בײדע הענד־און מיר פליהען פרעהליך־לעבעדיג און לוסטיג.

אַס דרייאונצוואַנציגסטע קאַפּיטעל.

# מען קרוינט ישראל'ן פאַר אַ בעל-טובה און מען זעצט איהם אויף רייטענדיג אויף דער קליאַטשע

דער וואָס איז ניט געפלויגען אין דער לופט אַזוי ווי איך, רייטענדיג אויף אַ קאָטשערע, דעם איז אוממעגליך איבערצוגעבען דעם טעם פון אַזאַ נסיעה מיט השערטער, מען מוז דערצו אַליין געפּרובט ווערען. און דעריבער האָב איך פליהענדיג אויף דער רייזע מיינער, מתפלל געווען מיט גרויס כונה, זאָגענדיג: רבונו של עולם! מיט וואָס האָב איך עס, אָרימער בעל עבירה, פערדינט מעהר פון אַלע בני אדם, קינדער פון אדם און חוה, דערהויבט צו ווערען און טראָן טאָן פליהען אונטער דיינע הימלען ווי אַ פויגעל טרויט פליהען אין דער לופטען? כאַך ידו, אַלמעכ־טיגער גאָט, פליהען אין דער לופטען אויך זיי, די מענשען פון דער וועלט, ווען ניט אַלע, צו ווייניגסטענס אַ טייל פון זיי צוליעב דיין וואָר־האַפטיגקייט, צוליעב דיין גערעכטיגקייט, טאַטע פאָטער אין הימעל! אויב דו האָסט זיי נישט געלייטוועלינט מיט פליגעל, זאָל דער רוח זיי נעהמען און טראָגען אויף זיינע פליגעל, זאָלען זיי פליהען אין דער לופטען פון קליין ביז גרויס, זיי, מיט ווייבער און קינדער, זאָלען זיי וויסען, וואָס פאַר אַ טעם פליהען אין דער לופט האָט.

ווי פיעל די רייזע אין דער לופטען האָט געדויערט, קען איך בע־שטימט נישט זאָגען; איך ווייס נישט מעהר, אַז אַ לאַנגע צייט בין איך געפלויגען ביז מיר זענען צום סוף געקומען אין אַ גאַנץ גרויסען און שרעקליך אַ טיפען טאָל, ערגיץ אין אַ דעק, צווישען משונה הויכע

בעטן, וואָס גריבלען ביז דעם וואָלקן. עס גערט מיר נאָך איצט אַ גרויל איבער דעם לײַב, אַז איך דערמאָן זיך אין דעם מאָל, אַזוי הילך. אַזוי וויסט איז ער געווען, פֿון גראָז און בוימער האָט זיך נישט געהאַט אַפֿילו קיין סימן. אויף איטלעכן טריט האָט מען געזען נאָר דערנער און הויפֿנס שטיינער, צווישן זיי האָבן געשווערעמט און געקנויפּעלט שלאַנגען, פּיפּערנאָטערן און עקדישן. עס האָבן געפֿײַפֿלט און די זאַוויי־ען, הערענדיג דאָס געשריי, וואָס ווילדע חיות און עופֿות האָבן פֿון זייערע נאָרעס אַרויסגעלאָזט אויף אַלערליי פֿרעמדע און היימענדיגע קולות. עס האָט אויך געשטונקען ענגס אַ מין ריח פֿון שוועבעל מיט פּע־פּעלסקייט אינאיינעם, און ערטערווייז האָט זיך דער ערד אַרויסגעלאָזט וואָלקנס רויך, וואָס ווערן ווי אַ פֿאַכמאַן זיך צוזאַמען און אַלע ווײַזן, אַז אַ מאָל האָבן די רוחות זיך אויסגעבלויזט, דאָ איז זייער וואוינונג!

פֿון דאָרט פֿירט אַ שפּאַלט צווישן סקאַלעס אין אַ טאָל … גרוי־סער הייל, וואָס איז גאָר אוממעגלעך צו באַשרײַבן אַפֿילו אַ פּראָצענט חלק פֿון איר ווילדקייט. דאָרט פֿלײַצט אַ מין שוואַרצער טינט און אויף זײַנע ברעגן וואַקסן ווילדער פּענטעס, און די ווילדער ווערפֿן זיך לצים, אַזעלכע מיני בעשעפענישן, עפּעס מאַלפּעס, וואָס האָבן אַ געשטאַלט נאָר מאַקע ווי פֿון מענטשן. פֿון דערווײַטנס האָב איך געזען, די לצים האָבן אין דעם טײַך אַנגעטרונקען מײַן גוטע קליאַטשעלע, נעבעך, זי דערנאָך געבאָדן, און אײַנגעטונקט אַ סך מאָל אין טינט אַזוי אַז זי איז פֿון דאָרט אַרויסגעגאַנגען שוואַרץ ווי אַ רוח...

— דאָס איז מײַן קאַנצעלערײַ! האָט דער אַשמדאַי צו מיר געזאָגט. דעם דאָזיגן טײַך און די וועלדער, וועלכע דו זעסט דאָ, האָב איך אָנגעגרייט פֿאַר דײַנע ברידערלעך. מען וועט אויף זיי שרײַבן און שרײַבן מלא־זמן, עס וועט נישט אויסגיין דער טינט פֿון דעם טײַכטער, און די פֿעדערס פֿון די וועלדער. זעה! פֿון דעם טײַכטער גייען אַרויס קאַנאַלען, טינט־ליינונגען, גאַנץ ווײַט אין פֿאַרשיידענע מקומות, און די רעדאַקציעס און אין די קאַנצעלאַרן פֿון גרויסע מענשן. דער הויכער קאַנאַל, נומער 999,999, וואָס דו באַטראַכטסט איצט, ער גייט אין דעם טינטער פֿון די היפּאָקריטישע גאַזעטן־שרײַבער. טינט און פֿעדערס איז דאָ אַ ים און שרײַבער ווי זאַמד.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן און די לצים האָבן פֿון די וועלדער זיך אַ שאָט געגעבן צו אים ווי די פֿליגן, זיך אַרומגעכאַפּט און

אַ בלייכער שורה, אויסגעלייכטער מיט אַ פּען אין דער הענט, און מיט אַ קווער פּאַפּיר אויף דעם קאָפּ.

—וואָס זעען מײַנע שרײַבער! האָט ער צו מיר זיך אָנגערופֿן, און מיך רעכטער אָנגעקוקט מיט אַ שמייכעלע.

ווי אַ יענעראַל האָט ער זיך דערנאָך געוויסטעוועט מיט דעם פּאָלי־פּיסאַקעס. עס איז געוואָרען אַ געשריי: אורדאַ, אורדאַ! און עס איז שטי־לער געוואָרען, האָט ער אָנגעהויבן ווי צו מוסטירען, דער מושטיר איז בעשטאַנען אין אַרויסשטעקען די צונגען, מאַכען אַ פּנים און לאַכען. נאָכדעם האָט ער זיך נעקאַמאַנדירעוועט צו האַלטען ווי מען בעדאַרף די פּענעס! צו מיטקען!... פּערטש מיט דעם, האָט ער צעציגען אויף אַ קיל אַ געשריי געגעבען: שרייבט!

די קאָמאַנדע האָט זיך אַ נעם געטאָן שרייבען, אַלע כמעט די זעל־ביגע זאַכען און די אייגענע ווערטער. די האָר האָבען מיר זיך געשטעלט, ליינענדיג די אָנגעשריבענע ווערטער, זיי זעען געווען אַזוי שפּיצעכדיג, אַזוי מיט קראַטשקעס און געשטאָכען ווי שפּיזען. בײַ אַ טייל האָט שריי־בענדיג געציטערט די הענט און געטאַקעט דאָס האַרץ. ווי איך בין שפּעטער זיך דערוואוסט, האָבען די האָריגע געווען רעקרוטען, ערשט וואָס אָנגעקומען אין דעם פּאָלק, זיי איז נאָך שווער געווען צוגעלבע־ומען... הגם די האָבען נאָך אַ טייל געקראַצט ווי די פּאָשעטנע קאָ־מאַנדע און געשפּריצט פּשוט בלאָטע.

נאָך דער קאָמאַנדע האָט דער אַנשטאַלט ווייטער אַ שרעקער געטאָן—איז אַרײַנגעקומען עפּיס אַ רוח, אַ רוז, אָנגעטאָן אין דער פּאָלנער מונדיר, בעשראַנגען פון דעם קאָפּ מיט סערקען, מיט פּענעס און מיט פּלע־חערוויישען.

—וואָס דאַרפסט דו אין דער צייט, האָב איך מיך נישט היינע געזינען, עפּיס געטאָן? ווי שטעהען אונזערע עסקים? האָט דער אַנשטאַלט דעם רוח געפרעגט, אָבער אונז ביידע פאַרקעשעלט איינעם דעם אַנדערען: דאָס איז מיין סעקרעטאַר, האָט לוציפער, און דאָס איז רב ישראליק!

דער סעקרעטאַר לוציפער האָט געמאַכט אַוועקע מינע און מיך נישט געוואורדיגט אַפילו מיט אַ בליק, ער האָט בלויז אַרויסגענומען זיין רעפּאָרט און געלייענט:

„איינער אַשטאַרפּשקע פּיסטערניש! מלך פון אַלע רוחות און

מקבלים, פּריצן פון צלדי שוואַרצע יאָהר, הערצאָג פון שבעה מדורי גיהנם, גראַף פון סדום און עמורה, ערץ־פּאַסמיך פון אַלע ווינדענבעק און עזאזל, א. ז. וו.

אונזערע אַגענטען, די בעלי־טובות און אַלע שטעדט, וועגען און ווייטערע ראַפּאָרטען מודיע: אַז דורך זייער גרויסע סטאַראַניעס אומעטום, וואו מען בעדאַרף, איז ווי צום סוף געראָטען, אַז די טאַקסע פון פלייש זאָל נישט בטל ווערען".

דער צעמדאַי האָט געשטאַכט פאַר שמחה, איך דאַנק אייך. האָט ער געזאָגט צום סעקרעטאַר, איך דאַנק אייער טונקעלע שוואַרציכטיקייט, דוקעס לוציפער, דערפאַר וואָס איהר האָט מיר צום ערשטען ראַפּאָרטע. היינט אַזאַ וויכטיגע זאַך. ער האָט דערנאָך זיך געווענדעט צו מיר מיט די ווערטער:

—זעהסט דו, דאָס איז ביי מיר אַ בשורה, איטמאָל וועלען דיינע ברידערלעך עסען מבות פלייש און דורך דעם תמיד קרענקען. קרענקט, פוילט, צו אַלדי שוואַרצע יאָהר! צווישענס איז די טאַקסע מיר פּשוט נישט צום עסק, דורך איהר בילדעט זיך ביי אייך די גאַנצע באַנדע בעלי־טובות, וואָס פיהרען אויטליכען ביי דער נאָז און לאָזען אייך קיין קאָפּ נישט אויפהויבען; פון איהר האָבען אַלע מיינע אַגענטען ושאַלאַ־וואַגיע און זייער פּרנסה בכבוד; דורך איהר האָבען אייערע בוסטע מענ־שעלעך און די הענט סומעס געלט, אויסצוגעבען אויף אַלסורינג, וואָס מען טאָר נישט זאָגען; דורך איהר האָט איהר דעם בעסטען סימן, אַז מיט אייערע הוצאות אויף אַלע נויטיגע בעדערפעניש און כלל־זאַ־כען זייט איהר אָפּגעשייהט פון די אומות העולם; דעריבער איז נאָר אונמעגליך, אַז איהר זאָלט זיך פעראייניגען מיט זיי און די זעלביגע נע־פיהלען פאַר דער מדינה, און דעריבער מאַקי וועלען שלעכטע מענשע־לעך תמיד געפינען אַ געלעגענהייט דערפאַר אויף אייך אָנצופאַלען. אייער לאַגע ווערט זיין פערפלאָנטעט, פאַרדרעהט. הלואי איך זאָל שוין מיט אַלע אַנדערע מענשעלעך האַלטען אויף דער מדרגה, ווי איך האַלט מיט אייך!... איצט פאַרשטעהסט דו, פאַר וואָס דאָס איז ביי מיר אַזאַ בשורה? חלילה וחס, די טאַקסע זאָל געווען בטל ווערען, ווי עטליכע האָ־בען עס פערלאַנגט, וואָלט איהר—נישט דערלעבען זאָלט איהר דאָס!—מיט אַ מאָל פטור געוואָרען פון אַ סך צרות. די מיינע אַגענטען פאַר־שטעהען די פּאָליטיק, זיי פעהדיגען אַ נאַטראַלע פאַר זייער סטאַראַניע.

„לויט ריכטיגע ידיעות, האָט לוציפּער ווײַטער ראַפּאָרטעוועט, זע-נען װעדער פֿיעל אָרימע לײַט געשטאָרבען, און בכלל קראַנקען זײַ װעדער פֿיעל דורך די טובות פֿון ווייטערע בעל-טובות".

—גוט! האָט דער אַשמדאַי געזאָגט. װעדער גוט! בשעת דער חלי-רע װײַזט די טאַקסע אַרױס איבער כח צוזעצען דעם אָרמען עולם. ערשט נישט לאַנג האָב איך יעריץ אין א שטאָדט געלייענט א אָנגעקלעבט בלעטעל אין דעל נאָם. אויף דעם צעטעל איז אונטערגעשריבען „דברי המבקשים לטובות אחב"י". דאָרט איז מען מזהיר דעם עולם, אַזוי ווי אין דער וועלט הערט זיך הלי-רע, בכן זאָל מען למען-השם עסען פֿלייש אַפּילו אין די נײַן טעג. בשעת לייענען האָב איך געלאַכט, ווי מען דאַרף צו עסען פֿלייש, אַלץ לטובות אחב"י", לטובות אחב"י"—און אַליין העכערט מען דעם מקח!

קאָנדידאַטען אויף בעל-טובות, האָט לוציפּער ווייטער געלייענט, וועלען דאָ װעדער פֿיעל פֿון אַלערליי סאָרטען מענשען, עס איז נאָר נישטאָ אַזוי פֿיעל שטעלען. כיידען מען זאָל צו אויסלייגען „פּאָמאָשטש-ניק" פֿון גלאַוונעם בעל טובה צוגעבען נאָך אַקעגען א הונדערט אונטער-פּאָמאָשטשניקעס און זיי אַליין װעלען זיך שוין זאָרגען צוגעבען נײַע „איכטאָמאַשניקעס", פֿון װאַנען צוזעקומען ווייטער נעבאַלט. שטעלכע האָ-בען מכח דעם שוין צדייגעשיקט גאַנץ שענע פּראָיעקטען. איך האָב עס איבערגעגעבען א בעזונדער קאָמיסיע, װאָס באַשטייט פֿון שמהזאַי עזאל, פֿון אַדרימאַן, צהעראָן, טיפֿאָן, שיווע, בעל-זבוב,—און גלופּ-סקער בקור-חולים נעמט איצט די הנהגה, דורך א פּאָר פֿון אונזערע צוגעבען, נאָר קיין חיות נישט, מיר האָלטען שוין מיט גלויבק אויף א שטיינער!—רעקרוטען װעלען אין דער צײַט אַרײַנקומען אין די פֿאַל-קען „פּיסאַקעס" דרײַ טויזענט דרײַ הונדערט מיט דרײַ און דרײַסיג. זיי קענען נאָך לעת-עתה נישט פֿאַרטיג, ווי עס געהערט צו זײַן. בעל-זבוב האָט זיי גענומען צו זיך אויף דעל „אויסטיטשען".—טײַט איז אין דער לעצטער צײַט פֿערבריכט געװאָרען זיבען טויזענט פֿינף הונדערט נײַן און נײַנציג איבער מיט אַנדערטהאַלבען קוואַדראַלער".

—אַזוי װײַטער! האָט דער אַשמדאַי זיך אָנגערופֿען און געמאַכט א מינע, אַז ער איז נישט צופֿרידען.

לוציפּער האָט געװאָלט עס דערקלערען, נאָר ווי באַלד ער האָט געעפֿענט דאָס מויל צו רעדען, איז אַרײַנגעפֿלויגען א רוח מיט דעפּע-

דער מיסט האָט געפּליצט דורך די „טינטאַלינטשקן" אין פאַרשיקערטע ערטער.

פּלוצלים איז צווישן פּליטן אַ הויכע, אַ שאַרפּע נשמה, האָט געשוואַנקט אַרויף און אַראָפּ, ווי אַ זאַמשפּרינגעלע און זיך גלייך געשלאָגן אין דער. ווערד מיט אַנדערע פלאַם-פּינגדיקע פליגעלעך, האָל בלוי, ווי דער פלאַם פון אָנגעצונדענעם שפּירט. אַליין האָט זי אויסגעזען ווי אַ גרויסע, זעדע אַ רויטע בלומע פון זייף, געשפּילט פון אַלערליי פיינע קאָלירן, וואָס האָבן פאַרבלענדט די אויגן. אַז מען האָט נאָר זיך צוגעקוקט, האָט מען קוים געקענט דערקענען עפּעס אַ געשטאַלט פון לויטער גאָז.

— יאָ! האָט דער אשמדאי אַ געשריי געטאָן און זיך אָנגעהאַלטן ביים קאָפּ. אַז ער האָט זי דערזען, עס איז געווען אַ גרויסער בעל-טובה, אַ גרויסער בעל-רחמים, איינער פון מיינע פעסטע אַגענטן! דאָס איז זיין נשמה, וואָס איז איצט נאָך דער פּטירה, געקומען, צו וויינען ביי מיר איבער מיט די נשמות פון אַלע בעלי-טובות...

איך האָב מיך צו דער נשמה שטאַרק צוגעקוקט און זי דערקענט. דאָס איז געווען די נשמה פון באמת אַ משונה ווילדען בעל-טובה און מיין שטאָדט!

— קלאָג, וויין, ישראליק! האָט דער אשמדאי צו מיר געזאָגט מיט אַ טריומפירנדן קול, דיין שטאָדט האָט פאַרלוירן אַ גרויסע אבדה, דיין קהל האָט פאַרלוירן אַ גרויסן בעל-רחמים, אַ צאַצקעלע, יאָ-מערט, קלאָגט, מיינע ליבע רוחות! איך, אייער מלך, האָב פאַרלוירן דעם בעסטן בעל-עצה, דעם געטרייסטן סאָדעטניק, אָהן אדם בין איך ווי אָהן דער רעכטער האַנט!

און דער נאַכקומער האַלל, און ווען נאָך גערופן מאָל האָט זיך געלאָזט הערן אַ שרעקלעכער געשריי אויף אַלערליי ווילדע קולות. עס האָט זיך געהערט אַ הילכן, ווי אַ רעגט הילכט אַ מאָל שרעקליך ביי דער נאַכט הינטער דעם פענסטער, אויך אַ מוקען, אַ וויינען, ווי קען וויי-נען, בשעת פּראָמטשיטשע-צייט, אויף די דעכער. עס האָט זיך געהערט אַ טרויעריקער המספּד פון מאַוויגע, אַ קוויטשען פון סאַראַקעס, אַ קוואַ-קען פון זשאַבעס, עס האָט זיך געהערט אויך אַ שמיצען פון שלאַנגען, אַ פּישטשען פון שטשורעס, אַ טריקען פון ביקעס, אַ ברומען פון בער-רען, אַ ברילען פון לעמפּערטשקעס און אַ סקריפּ פון אַ ריקשעס, גלייך

די אַלע ווילדע בעשעפעניש האָבען געשוויגען, געקלאָגט אויף אַזאַ בעל-טובה, אויף אַזאַ כשרה נשמה. איך בין שיער אין חלשות נישט געפאַלען, שיער נישט טויב געוואָרען פון אַזאַ שרעקליכען הספד.

דער אַשמדאַי האָט קוים מיט צרות איינגעשטילט דעם עולם, גענומען די נשמה אין זיין האַנד, ווי מען נעמט אַ פליג, און די מקבר געווען טיעף אין דער ערד מיט די ווערמער:

—וואָס העלפט דאָס וויינען, אַ מענש מוז שטאַרבען! פריהער אָדער שפּעטער, דער רוח האָט דיר גענומען חאַפּען. וועדלשע טאַקי בעגראָבען גיין אייליגען אין דער ערד און גייה צו אַלדי שוואַרצע יאָרן: איך וועל מיך מוזען בעגעגען אָהן דיך און געמינען, נישקשה, אַ אַנדער שלאָגען אויף דיין אָרט... ישראליק-לעבי! דאָס ער נאָך דעם מין הספד זיך געוואונדערט צו מיר, עס וועט דיר גאָר נישט העלפען, דו וועסט מוזען אין דיין שטאָרט ווערען אַ בעל-טובה אויף זיין אָרט.

—איך וויל נישט, איך קען נישט זיין קיין בעל-טובה! האָב איך געשריגען נישט מיט מיין קול. האָב רחמנות, שיק אַ אַנדערען אויף זיין אָרט. עס וועגען דאָ אַ סך בעלנים, אַ סך קאַנדידאַטען אויף בעלי-טובות. שיק וועמען דו ווילסט און בעפריי מיך פון אַזאַ התמנות!

—האָב מיר, איך בעט דיך, קיין דעות נישט, דאָס ער געענטפערט, מסתמא ווייס איך, וואָס איך טוה.

—וואָס האָסטו-דו אין מיר אַזוינס דערזעהען? האָב איך געשריגען. איך בין, כ'לעבען, אַ שלימזלניק און וועל גאָר נישט טויגען צו אַזעלכע געשעפטען. איך וועל דיר רעקאָמענדירען קליגערע, בעסערע און געניטערע פון מיר. שיק לייבעלע רב אַבעלעס, משה'לע רב בונם'ס, טרייטעל רב יוסילעס, פישקע רב ניסעלעס, אָדער איינעם פון זייערע פּניפיות, איטליכער פון די לייט, און זיין פּראַר, פאַרשטעהט זיין עסק און אַרבייט אָב אַז אַך ווי אַ מייסטער. ווי קום איך צו זיי?

—די דאָזיגע אַלע לייט וועגען שוין פערנומען, איטליכער פון זיי האָט אַ שטעלע. עס ווערט דיך נאָרנישט העלפען, ישראליק, זאָג איך, אַשמדאַי, דיר נאָך אַ מאָל. שווייג בעסער און זיי נישט קיין עקשן, אויב עס גלוסט זיך דיר צו לעבען און אויב דו פערלאַנגסט נישט, איך זאָל דיר דאָס עקשנות מיט גוואַלד אַרויסטרייבען. קיין וואָרט נישט מער, שאַ! וואַרום...

ער האָט געמאַכט אַזאַ שרעקליכע מינע און אַזוי געשאָקעלט אויף מיר מיט א פינגער, אַז די הויט האָט אויף מיר געציטערט און פאַר שרעק בין איך געבליבען שטום ווי די וואַנד.

—אָט אַזוי, ישׂראליק, האָב איך דיך נאָך ליעב, אַז דו שווייגסט,— האָט ער זיך אָבגערופען, שוין מיט אַ זיס שמייכעלע, און אַ גלעט גע-געבען מיר איבער בעקעלע.—דו ביזט נישקשה, אַ גאַנץ קלוגעטשקער, ישׂראליק! קיין בטלנות און מויל בעדאַרף מען דיר אויך נישט אריינ-לערנען. איך פיהל, אַז דו וועסט מיטען און מיט דער צייט זיין אַ כלי-שלמה. נאָר איידער איך וועל דיך מטמן זיין אַזאַ טייערע שטעלע פון אַ בעל-טובה, מוז איך דיך אַביסעל קלאָר מאַכען אין עסק און דיר געבען אַ אינסטרוקציע, ווי אַזוי דו זאָלסט זיך פיהרען.

„הער, ישׂראליק-לעב! די שטאָדט-ראָם בין איך! דער פשט דער-פון איז נאָר בראַסט: מהו אַלעס ווי דו ווילסט און זאָג: אַזוי וויל קהל. דער גאַנצער קהל איז ווי איך דער וועלט נישטא. נור דו איינער ביסט דא. דאָס איז מיין ערשטער געבאָט. מיין צווייטער געבאָט איז— אַ יראת-שמים-פנימ'ל! יראת-שמים איז ביי אַ קלוג מענשיל אַ נוטע קוה, זי גיט איהם אַ סך מילך און פוטער, ווי די בעסטע האָלענדערקע. אַזאַ קאַפּיטאַלע קוה מוז מען דעריבער שטאַרק פלעגען, מען בעדאַרף איהר עפּעס אונטערוואַרפען אַ ביטעל כפל-שמונה-ציצית, זי האָדעווען מיט חפּתו תם'ס תפילין, פערמישען איהר אַ גרויסען טלית-זאַק מיט פערשיעדענע מיני בלעטלעך און שמות, זי זאָל טאָקי אַוועקשטעהן איבער דעם צעבער עטליכע שעה אַלע טאָג; מען בעדאַרף זי לאָזען לעקען מזוזות און פאַיען זי מיט מצירה, מיט הבדלה-קרישא-מער, מיט ואתחנן-זמרות-ראַנפען, וכדומה אַזעלכע געטרענק. אַזוי איז יראת שמים ביי מיינע אַגענטען פון דער פרומער קלאַסע. מיינע אַגענטען פון דער היינטיגער וועלט נעהמען אויך אָן אַ יראת-שמים-פנים'ל, נאָר עפּיס אויף אַ אַנדער אַרט. זיי מאַכען זיך געוועהנט-ליך צום תם, לעבען מיט אַזעלכען נוסח, שמייכלען זיס, רעדען דאָס צינגעל אַהין און אַהער, טראָגען זיך געקליידט עפּיס נישט קורץ נישט לאַנג, זייער באָרד איז עפּיס נישט גאַנץ אָפּ נישט געגאָלט, וואַרפען זיך אין אַלע זייטען און ווילען פאַר אַזעלכע יוצא זיין. עטליכע הענגען צווישען דער כתה דא, וואָס האָבען להלוטין נישט אַזאַ יראת-שמים פנים, דערפאַר בעשטעהט זייער גאַנצע חכמה נישט מעהר ווי אין

מער! ישראליקען פאסט נישט אזא מין קאסטיום. זיך אויס עפיס א
אנדער פארמע.

דער קאמענדירער האט מיך געשווינד איבערגעקוקט, אונטערגע-שווירען די האר, אויסגעצייכענט דאס בערדיל, אנגעטאן מיר א אנדער וועסטיל, דאס הייסט זיך, פון אטלעס, פערשפילט הויך ביז דעם האלז, א קאפטענעס סורדוט היטשען מיט א שפאלט און היבש לענגער פון דעם פריהערדיגען אזוי, אז די מישקעס האבען אנגעהויבען זיך ארויסגע-וועהן נאר אויף א ביסעל, היינט פינטער. אויף דעם קאפ א כמעריאווע, א סמאמעטענע היטעל.

–נו, וואס איז דאס פאר א מין?–האט דער אשמדאי ווייטער גע-זאגט,–מיך אנגעקוקענדיג.–א, די פארמע פון קהל'שע דעפוטאטען! הא-בען זאל זיי רער רוח, מיט זייערע שפאלטען היטשען און מיט זייערע גוטות טיעפע קעשענעס! ניין, ישראליק בעדארף האבען עפיס א אנ-דער פארמע, קוק אן דאס רחמנות-פנימעל זיינס, וואסטו שוין פאר-שטעהן, וועלכע עס וועט איהם פאסען.

נאך און נאך פארמעס האט דער קאמענדירער מיט געמאכטען און בשעת מיך אנטאנדיג, קאמאנדירט אלע רגע אנדערש, האט ער מיך געצופט, געצויגען, געריסען די האר, אזוי אז טרערען האבען מיר זיך געשטעלט אין די אויגען. נאר אויף דעם סוף האט ער מיך אינגאנצען אבגעשוירען, איבערגעלאזט א פאר שעבנע פאות, מיר אנגעטאן א יאר-מולקע, איבען א גרויסען כפאדיק, א העמד מיט א גרויסען, אויסגע-לעגטען קאלנער, פערפערען מיט בענדעלעך אהן א האלזטיכעל, א לאנגען טלית-קטן, קורצע שאמעטענע פלודערען, שיך און זאקען, א לאנגע אבגעשפיטע קאפאטען מיט א גארטעל און א טאליבעל פון פנה. דער קאמענדירער האט מיך אנגעקוקט, זיך משונה פערקרימט, געמאכט א וויטשעל און אויך ארויסגעשטעלט דעם צונג.

דו שיינסט, ישראליק!–האט דער אשמדאי געלאכט פאר פרייד, אז ער האט מיך דערזעהן.–איך בין פשוט זיך מחיה דיך צו זעהן אין די בגדים! דיין פנים איז איבערעט ווי א צימעס, דו שוויצסט אין דעם פעלץ, דו לויכטסט ארויס פון דעם כפאדיק, ווי דער ליכטיגער נאר-נעמשטעדען. שוין, שוין, ישראליק, זעהר גוט!... עס נעדט נאך עפיס אבי צו דער פאלגער פארמע, האט ער געזאגט, זיך אומקעהרענדיג צו

חנם קאָמעדיאַנט, דו שאַרלאַטאַן, ווי יובל־רעדנערס פלעגסט מקבל פנים זיין אַ נייעם גובערנאַטאָר?

—שאַרלאַטאַן, שאַרלאַטאַן!—האָט דער קאָמעדיאַנט געשטאַמפּערט, איך האָב אין דעם זיך נאָר פאַרשטעלט, אָחאָ, אָחאַ! באַלד אָבער וועט עס געשען ווערן.

מען האָט מיר באַלד טאַקי הינטען אויף דער פּאָטיליצע אויס־געלאָזט עטליכע קילאָמעטרישע רעדעלעך און דאָרט צוגעשטעלט אויף עטליכע מינוט באַנקעס, פון שענקיס וועגן.

—איצט איז ישׂראָליק אין העל פאָלער פאָרמע, האָט דער אַשמדאַי געזאָגט, אַצינד קען ער שוין רייטן אויף דער קליאַטשע...

מיט גרויס פאַראַד האָט מען מיך געשלעפּט צו דער קליאַטשע, „רייט, ישׂראליק, רייט! האָט הברה געשריגן. או גואל איז דיר, וואָס דו האָסט זוכה געווען רייטן אויף אַזאַ קליאַטשע. אויף דער וועלטס־קליאַטשע! קריך אַרויף מיט די הענט, מיט די פיס, און פאָר אויף איהר, ווי אַ פּריץ. רייטענדיג ביז התחית און צוואַנציג יאָהר, ביז דער רוח וועט דיך האַפּען און עמיצער אַנדערש וועט אַרויף אויף דיין אָרט"!

—זייַ מיר מוחל, בידנע קליאַטשע! האָב איך זי מחילה געבעטען, אַז איך בין שוין געזעסען אויף איהר רוקען, מיט פאַרדרייטע אויגען און מיט אַ פאַרקלעמט האַרץ. וואָס זאָל איך טאָן, וואָס קען איך מאַ־כען? אַז לצים צווינגען מיך, אויף דיר צו רייטען... אַז אָך און וועה איז אונז ביידע! אָך און וועה איז דיר, נעבעך, וואָס דו ביסט אַ קליאַט־שע, וואָס דו בעדאַרפסט מיך טראָגען, און וועה איז מיר, אַז איך, דיין פריינד, בין געצוואונגען צו זיצען דיך אויף דעם קאַרק! וואָס האָלען מיר בידנע טאָן, אַז מיר ביידע, נעבעך, הענגען אין דער קלעם, אַז מיר ביידע הענגען אַזוי אומגליקליך און געצוואונגען הערצו...

די לצים האָבען דער קליאַטשע, נעבעך, מיט כח דערלאַנגט אַ שמיץ אַהין, אַז זי האָט מיט איינמאָל אַ לויף געטאָן. עס איז געוואָרען אַ מהומה, אַ געשריי: אוראַ, אוראַ! ליפּעגריט האָט ביי איהר טיעף פנ'ים האַרצען זיך אַרויסגעראַפּט אַ זיפץ, איהר זיפץ האָט מיר די נשמה אַרויסגענומען, איך בין געוואָרען צעמישט און אַראָפּגעפאַלען אויף דער ערד ווי אַ סנאָפּ.

נישקשה, פאַל נאָר ביי זיך ניט אַראָב, וועסט, נישקשה, טויגען,

ישראליק! האָט דער אַשמדאַי געלאַכט און מיך צוריק אַרויפגעזעצט אויף דער קליאַטשע. לאָמיר קיין סך שהיות נישט מאַכען, שוין צייט צופאָהרען, חוץ ביי דיר נאָך איבער מיינע געבאָטען, שים נא ידך תחת ירכי און שווער מיר, דו זאָלסט זיי מקיים זיין.

איך בין געזעסען ווי אַ ליימענער גולם און האָב נישט געוואוסט, וואָס מיט מיר טהוט זיך.

האַיינע נישט, האַיע נישט, ישראָליק! האָט דער אַשמדאַי אַ זאָג געטאָן, גיכער טהו וואָס מען הייסט דיר; גיכער, די צייט איז טייער.

נישט ווילענדיג האָב איך אויסגעשטרעקט מיין האַנד און זי אַרונ-טערגעלעגט דעם אַשמדאַי תחת ירכו. ער האָט אַ ווינק געגעבען צו דעם טעקחעמאַד, און לדציפער האָט מיר באַלד אָנגעהויבען פאָרצו-לייענען ועגד אַ שרעקליכע שבועה.

—וואָס שווייגסטו, ישראָליק? האָט ווידער אַשמדאַי מיט פערדראָס צו מיר געזאָגט. פאַר וואָס זאָגסטו נישט נאָך, וואָרט פאַר וואָרט, די שבועה? ביי מיר מיינסטו ווערט אָנגעהן שמיקעס, מסירת-מודעה-לעך, ווי ביי אייך, שוואַכע מענשעלעך? ניין! זאָג איך דיר, מסירת-מודעה-לעך געהען ביי מיר נישט אָן, ביי מיר העלפט נישט, זיך מאַכען ווי געפגרט, שווער!

—איך קען נישט שווערען—האָב איך געשטאַמעלט מיט אַ ציטערינ קול.

—וואָס? ראַ! האָט דער אַשמדאַי מיט כעס אַ געשריי געטאָן, אַזוי אַז די ערד האָט אַגמטען געציטערט.

די קליאַטשע האָט עפּיס אַ שאָקעל געטאָן מיט דעם קאָפּ, גלייך ווי זי וואָלט הערמיט געזאָגט: יהודי, בלא! האַלט זיך טאַקי, יהודי, אַלץ אייערם, לא, לא און לא!

—איך קען נישט שווערען. האָב איך איבערגעחזרט מיינע פריי-הערדיגע רעד שוין מעהר בעהאַרצט.

—שווער! האָט דער אַשמדאַי אַ געשריי געטהאָן נאָך שרעקליכע-רער אין כעס, אַזש פונקען זענען איהם געפלויגען פון די אויגען און פון דעם מויל האָט אַרויסגעשעמעט אַ רויך.

מיין קליאַטשע, נעבעך, האָט אַ זיפץ געטאָן. איהר זיפץ האָט מיך דערמאָנט אידרע אַלע גרויסע צרות, וועלכע זי האָט אין איהר לעבען איבערגעליטען. סטייטש, סטייטש, האָב איך מיך בעטראַכט, ווענ-

שטעהט זי, שלימזל, אויס פון אַנדערע, זאָל איך מיך נאָך אויף אהער געבען, אייך אָנלייגען! וואָס עס וויל, מעג זיך מיט מיר זיין, איך בעדאַרף אַזאַ זאַך נישט טאָן. אויסהאַלטען מוז איך דעם נסיון, מאַכן ווי אַ ערליכער מאַן.

—בשום אופן נישט! בשום אופן וועל איך דיר נישט שוועהרען! האָב איך דעם אשמדאי קאַלטבלוטיג געענטפערט, און אַרויסגענומען מיין האַנד מתחת ירכו. בשעת אַרויסנעמענדיג האָב איך אדם נאָך, מנשה־שטן, בעמערקט נאָר אַ מינוטעל טאָן האַרט.

דער אשמדאי איז געוואָרען פלאַם פייער, אַ מורא אידם געזעהן דעמאָלסטמאָל אָנצוקוקען. ער האָט מיט אַ משוגה געשריי אַ שפרונג געטאָן און דער לופטען, זיך אויסגעשטרעקט שרעקליך הויך, געשטעלט איין פוס אויף דער ערד, די אַנדערע אויף דעם הימעל, מיך אָנגענומען ביי די האָר און אַ שלידער געטאָן, ווי האַלעשקע, מיט אומפעט.

איך בין אַראָבגעפאַלען ווי פון דעם הימעל! ביי דעם אָנהויב פאַלען האָב איך געהערט נאָר אַ ווילד געלעכטער פון אַלע לצים אוי־בען. די קלאַטשקע, האָב איך געשפירט, שוועבט אויך אין דער לופטען, דרעהט זיך און פאַלט נאָך מיר.

—אָך, מיר פאַלען, מיר פאַלען!... האָב איך קוים מיט צרות אַ געשריי געטאָן.

—נישקשה! האָט מיר די קלאַטשקע געענטפערט, אַז איך פאַל, שטעה איך אויף. נישט איינמאָל בין איך שוין אַזוי געפאַלען און כאָטש נישט פערפאַלען...

איך בין געפאַלען אַלץ נידריגער, נידריגער ביז איך האָב צום סוף אָנגעריהרט די ערד מיט דעם קאָפּ, זיך געטאָן אַ הויך און פאַר גרויס תרוטא אַרויסגעלאָזט אַ שרעקליך געשריי.

איך האָב געפיהלט, אַז עמיצעם הענט האָבען מיך אַרומגענומען. דאַכט זיך, מען וויינט אויבער מיר און הייסע טרעהרען קאַפּען מיר אויף דעם פנים.

## דאָס פיערצונצוואַנציגסטע קאַפּיטעל.

# טראסצאַ איח מאַטערי.

אויפגעכאַפּענדיג די אויגען האָב איך געזעהן, איך ליג אויסגעצוי־
גען אויף דעם פּאָל נעבען בעט, ביי מיר אין חדר. מיין מאַמע זיצט אין
העלפט אנגעטאָן שפּיס מענישען, מיך פון דאָרט אויפצוהייבען.

אַז איך בין שוין געלעגען אין בעט, האָב איך אָנגעהויבען מיך
צוטראַכטען, וואָס טהוט זיך דאָס מיט מיר אַהיינט? פון וואַנען האָב
איך פלוצלים מיך אַהער גענומען? איך האָב מיך געבאַפּט אין געקוקט
ועדער פערוואונדערט אין אַלע זייטען. אין שטיבעל ביי מיר האָב איך
ווייטער דערזעהען דעם בעל־שם אין די אַלטע מכשפה'טע, וואָס האָ־
בען זיך שפּיס פּלאָנטען אין געשפּראָכען. די מאַמע האָט מיך געבאַפּט
ביי דעם קאָפּ אין געוויינט.

—וואָס ווייסטו, מאַמע? האָב איך זי געפרעגט אין באַר ליבּ־
שאַפט זי אַ קוש געטאָן.

—אַך, ישראליק, ישראליק! האָט זי געהליפּעט, אַך, וויפיעל צרות
איך האָב פון דיר אויסגעשטאַנען! געטראַכט אין געגליבט אז השם
יתברך, אַבי זיי האָבען שוין פערמאַכט די אויגען.—זי האָט אַ געטאָן
זעץ זיך געגעבען צראָבּפּאַלעטרת פון דעם בעט?

—מאַמע! האָב איך זיך אָנגערופען. וואָס איז ווייטער אַהיינט געשיי־
הען?

—אַט פרעג טאָרנישט, פרעג טאָרנישט! אַלין מאַכן דייטע ביכלעך.

—וואָס ביכלעך? וואָס מיינע ביכלעך?

—אָט יענע נאַרישע מעשיות, מיט וועלכע די האָסט דיר דעם קאָפּ

פערשלאָגען—האָט די מאַמע אַ מאָל גענומען מיט רחל האַנט. מילא דו האָסט זיך איינגעשפּאַרט דווקא צושטודירען די דאָקטאָריע, נו, וואָס האָב איך געקענט מיט דיר טאָן? אין פּרידה. אָבער צו וואָס טאָן אַזעלכע ביכלעך, אַזעלכע מעשיות, אַזעלכע שמאַכטעס? וואָס פאַר אַ שייכות האָבען זיי מיט דאָקטאָריע? איינער וויל לערנען דאָקטאָריע, ט מעה דיך לערנען וויפיעל דאָס האַרץ ווינט גלוסט, וועסט דו זיך אויסלערנען און קענען מאַכען, וואָס קענען הייסט, נאַ דיר אַ בעלעטיל, אַז דו קענסט היילען, האָטש דו ביסט היינטלאָך פון יענע מיני מעשיות. אלא ניין, יאָלען דיר נישט העלפען אַלע מעשיות. דאַמאָלסט, אַזוי האָט בעדאַרפט צוויין, טאָן מיין ווייבערשען שכל, וועלכע די מיין ווייבערשער מוח נעמט. וואָס טוענ'ן זיי אָבער? וואָס האָבען זיי געמעסטעטם? אַז איך האָב, נישט היינט געדאַכט, געדאַכט וואָס לייפּעריש צו אויסליכען בעווייזער. ניין! מעסטם דיר האָבען אַ כריסטען קאָפּ, מענליך אַפּילו, אַז פון דיר וועט אויסוואַקסען אַ כריסטער מענש, אַ בערימטער דאָקטאָר, אַבי דו ביסט נישט אַזוי קלאָר און יענע מעשיות, און יענע מיני היסטאָריעס, ווי זיי הייבען עס עפּיס, איז אינה מקודשת, שמעקהט מען נישט און הער! נאָר איין היסטאָריעס, נאָר איין מעשיות אויף מיין קאָפּ! אַ גוויי וואָלטען זיי, רבונו של עולם, פערטאַשט געוואָרען, וואָלט איך געגעבען, פערשפּאַרט האָבען אַזעלכע כריסטע צרות!

—וואָס צרות, מאַמע?

—וואָס צרות, פרעגסט דו ישראליק, סטייסט, וויינט צרות, וועה איז מיר, האָבען זיי, נישט היינט געדאַכט, מיר אָנגעמאַכט!

אָט וואָס די מאַמע האָט מיר מיט אַ ווייגעריגע קול דערצעהלט:

„אַז איך האָב מקבל געווען דיין בריף פון [illegible], אַז דו האָסט עפּיס נישט גוט געענטפערט אויף דעם עקזאַמען פון יענע היסטאָריע, און דערנאָך איז אַ יעק פון דיין דאָקטאָריע—האָב איך געשריבען, אַז בעאַלד וועסטו צוריק אַהיים קומען, וועסט צו אַלדי שוואַרצע יאָהר, אַוועקוואַרפען אַלע דיינע נאַרישע פּלאַנען, בעסער התנה האָבען און לערנען, ווי סאָם האָט [illegible], ווי יודען בעדאַרפען צו לערנען. איך וואַרט אָבער—דו קומסט נישט, טאָן אַבער—ביסט נישטאָ, דו שרייבסט נישט אַפילו קיין אות. דער קאָפּ ווערט מיר צושפּאַלטען טראַכטענדיג, וואָס קען עס זיין? איך רוה נישט, איך שלאָף נישט, עס נעהמט זיך מיר נישט אין דעם מויל קיין עסען, דו ביסט דאָך,

ישראליק, מײַן אײנציג קינד, אײַן אײנס אין דעם קאָפּ! װאָס טויג מיר דאָס גאַנצע לעבען אָהן דיר? אין דער שטאָדט האָבען דערװײַל װעגען דיר זיך אַרױסגעלאָזען אַ סך פערשידענע מגוּזות. אַ טײל האָבען געזאָגט, אַז דו ביסט געשטאָרבען; נאָך אַ טײל—װאָלט זײ נאָר דאָס מויל אָפּגעהמען — האָבען געזאָגט, יאַקאָבי דו האָסט זיך געשמדט און װײס איך, נאָך װאָכען, װאָס שונאים האָבען אױסגעטראַכט. איך האָב שוין מעהר נישט געקענט אױסהאַלטען און בין אַלײן געפאָהרען קײן הנעפּראָװין. קומענדיג אַהינצו, װיסט און פינסטער איז מיר, האָב איך דיך געטראָפען אין אַ שרעקליכער לאַגע! דו ביסט שװאַרץ װי די ערד, אױסגעדאַרט, אױסגעדרײעװעט, אָהן אַ לױט פלײש אױף דעם לײַב, נאָר הױט און בײן.—איך פרעג דיך, װאָס דו מאַכסט? ענטפערסט דו מיר, נישט הײַנט געדאַכט, עפּיס בריבעריק. איך רעד דאָס און דו עפּיס לאָקש, פּידעם, אַ קוה איז געפלױגען איבער דעם דאַך! קוקענדיג אױף דיר איז מיר געװאָרען אַ לאָך אין האַרצען, אַך האָב געמײנט, אָט פאַל איך אַנידער און שטאַרב. לײַט האָבען מיך געראַטהן צוגעהן בעטען די לעהרער, זײ זאָלען מיט דיר מטיב זײַן, מאָמער װעט גוטע בשׂורות אױף דיר װירקען און דו װעסט צו זיך קומען. איך בין, פאַרשטעהט זיך, געגאַנגען, געװײנט, געבעטען, אָבער אומזיסט! זײ האָבען מיר געענטפערט: נײַן, אוממעגליך! איך האָב געדונגען אַ פּוּהר און דיך געבראַכט צופיהרען אַ הײם. װאָס אַ טאָג ביזט דו אַלץ ערגער מרה-שחורה'דיגער געװאָרען, פלעגסט זײַן אַלץ פערטראַכט. נאָר אַז דו האָסט זיך שוין צורעדט, האָסטו, רחמנא ליצלן, גערעדט פאַר פײַער, פאַר װאַסער, געבאַבלט חלומות אױף אַלע פײַנע לײַט, אױף אַלע אונזערע שכנים, כשרה מענשען אין דער שטאָדט. נאָך גוט, אַ נס, כ'לעבען, װאָס חוץ הײַמישע מענשען, האָב איך צו דיר קײנעם נישט צוגעלאָזט, האָבען לײַט האָטש נישט געהערט און װײסען נישט, װאָס דו האָסט, נישט הײַנט געדאַכט, אױף זײ אױסגערעדט. דו ביזט געװאָרען אַלץ שלאַפער, שלאַפער און זיך אַרײַנגעלעגט צום-סוף אין בעט. אַקעגען צװײ װאָכען ביזט-דו װי אין הינערפלעט געלעגען מיט פערמאַכטע אױגען, כמעט אָהן אַ סימן לעבען, נאָר װאָס צוצײַטענס האָסט דו פון דער הײץ גערעדט, דערצעהלט װילדע מעשׂיות. אַך, ישראליק, מײַן טײַערער ישראליק, װאָס דײַנע ביכלעך, דײַנע מעשׂיות האָבען אָנגעמאַכט! זאָל, כ'לעבען, שױן זײַן גענוג, גענוג! הלװאַי װאָלסט-דו פריהער געפאָלגט אַ מאַמען

און התגנה געדאַט, ווי דער סדר־העולם איז, ווי עס פירט זיך ביי אונז יידישע קינדער, וואָלטען מיר ביידע דאָך בעהיט געווען פון אַזעל־כע יסורים, אַך, דיינע מעשיות, דיינע מעשיות! אַך, דיינע היסטאָריעס, דיינע היסטאָריעס".

—דאָס וואַקסט אַלץ פון זיי, מין זיי, פון די טויטע לייט, מיין איך! האָט דער בעל־שם זיך אָנגערופען. ווייסט נישט לאַנג האָב איך גערעדט מיט זיי פונקט אַזאַ מעשה, די ערל'טע ווייסט אויך פון דער מעשה, וואָס איך האָב גערעדט. נו, אַ שטשאָ, דאָברע ביליאָ? האָט ער אַ פרעג געטאָן די גויה.

—דאָברע, יאַקדושע... האָט מיט אַ מעגיין געענטפערט די גויה, וואָס איז געווען בעשעפטיגט מיט דעם שפרעכען. ווין מאַיע פראַוע. עטאָ אחנע דילאָ, טראַסצאַ איח מאַטערי!

